№ 42.

צווייטער יאהרגאנג

יודישע

# פאלקס-צייטונג

כ"ד תשרי תרס"ד. | פערלאג „פאלקס-בילדונג" ווארשא. | 15 October 1903.



## הוצאת תושיה.

# מלון

## של כיס.

## מעברית לרוסית ואשכנזית (באותיות עבריות)

מאת י. נרזובסקי, בהשתתפות י. קלויזנער.

א) במלון הזה באו כל המלים, שבאו בתנ"ך לכל הוראותיהן. אחת מהן לא נעדרה.

ב) משני התלמודים והמון המדרשים נכנסו לתוך המלון הזה כל המלים, שהזוּתן מוכיחה עליהן, כי עבריות הן ורק במקרה לא באו בתנ"ך, וגם רוב המלים הארמיות, הסוריות, היוניות והרומיות, שיש להן איזה ערך שמושי. כמו כן נכנסו בו כל המלים הסוריות, היוניות והרומיות, המשמשות בספרותנו החדשה, יהי איזה ערך שיהיה להם.

ג) מן הספרות המאוחרת נתקבלו לתוכו כל המלים תטובות והנחוצות. שבאו בספרי הגאונים וחכמי ספרד, בספרות המקובלים והרבנים המאוחרים, וגם בכל ספרותנו החדשה, כפי שהתפתחה במאה האחרונה.

ד) כל המלים המחודשות בעשרים השנים האחרונות נבחרו היותר מקובלות וכל אלה שמקורן העברי נכר בנקל.

ה) מן המלים הלועזיות, המקובלות בכל השפות האירופיות באו במלון הנוכחי כל המלים תנחוצות ביותר, והנן מתורגמות רוסית ואשכנזית ומבוארות גם עברית.

ו) כל הבטויים המיוחדים, יהיו מן המקרא או מן התלמוד והספרות המאוחרת, שיש להם ערך שמושי, מתורגמים בו רוסית ואשכנזית.

ז) כל מלה עברית, שהבנתה קשה מעט, היא לא רק מתורגמת עברית ואשכנזית, כי אם גם מבוארת במלים עבריות אחרות.

ח) על יד כל פעל מסומנת מלת החבור (או אות החבור), שהוא מתקשר אתה (כמו „האבק עם", אבד ל-, מ-). כמו כן על יד השמות, שאפשר לטעות בהם, רשומה ברתוקים גם צורת מספר הרבים שלהם.

ט) המלים התלמודיות, המחודשות והלועזיות, נבדלות מן המלים המקראות ע"י סימנים שונים.

י) כל המלים שבאו במלון הזה סודרו לא ע"פ שרשיה, כנהוג במלונים העברים האחרים, כי אם ע"פ צורתן בשמוש הלשון, בכדי להקל על המשתמשים בו.

וזאת לדעת, כי אף אם אין במלון הזה כל חקירות פילולוגיות, הנה מיוסד פירוש כל מלה ומלה שבו על חקירותיהן היותר מדויקות והיותר חדשות של טובי הפילולוגים החדשים.

המלון נדפס בפורמט קטן, הפורמט הנהוג במלונים-של-כיס בכל הלשונות, ובאותיות פטיט בהירות, למען יהיה המועט מחזיק את המרובה ויהי דבר השוה לכל נפש. גם נדפס על ניר משובח ובתכלית ההדור.

**מחירו 2.35 רובל, עם המשלוח 2.50 רובל, מכ' 2.75 רובל.**

Издат. „Тушія" Варшава. | Verlag »Tuschija« Warschau.

# צו אונזערע געעהרטע אבאנענטען.

מיר דערמאנען די געעהרטע אבאנענטען, אז מיט

## דעם נומער 39

האט זיך געענדיגט דער אבאנאמענט פון די וואס האבען אויסגעשריבען די פאלקס-צייטונג נאר אויף דריי פיערטעל יאהר און בעטען אין דער צייט אריינשיקען דעם אבאנאמענטס-פרייז אויף דעם לעצטען פיערטעל יאהר 1 רובל.

אויך דערמאנען מיר די יעהרליכע אבאנענטען, וואס האבען אויסגעשריבען די צייטונג צוזאמען מיט דער פרעמיע, 4 בענדער פון אלע שלום עליכמ'ס ווערק אויף ראטען, דארפען איצטער צושיקען

## די לעצטע ראטע 1 רובל.

די ניט יעהרליכע אבאנענטען בעצאהלען פאר דער פרעמיע „4 בענדער פון שלום עליכמ'ס ווערק" 2 רובל, אדער 50 קאפ' פאר יעדען באנד מיט פארטא.

אינהאלט פון ערשטען באנד:

I. דער ערשטער ארויספאהר. איין אמת'ע מעשה ווי אזוי צוויי יונגע פייגעלעך, וואס האבען ניט אנגעקוקט רעכט די ליכטיגע שיין, פליהען ארויס דאס ערשטע מאל אויף גאטס וועלט.

II. דאס מעסערל. א טרויריגע געשיכטע פון די קינדער-יאהרען.

III. טביה דער מילכיגער. דריי ספורי מעשיות.

1) דאס גרויסע געווינס.

2) א בוידעם.

3) היינטיגע קינדער.

IV אויפ'ן פידעל. א מעשה.

אינהאלט פון צווייטען באנד:

מעשות פאר יודישע קינדער:

I. חנוכה געלד,

II. אחשורוש,

III. פארשטערטער פסח,

IV. ל"ג בעומר,

V. די פאהן,

VI. ראבטשיק,

VII. מתושלח,

VIII. דער זייגער,

IX. סענדער בלאנק (ערצעהלונג).

### דער דריטער באנד וועט אין גיכסטען צעשיקט ווערען.

מיר בעטען די יעהרליכע און ניט יעהרליכע אבאנענטען אריינצושיקען דעם וויטערדיגען אבאנעמענטס-פרייז ניט שפעטער פון 1-טען אקטאבער, כדי מיר זאלען זיי קענען פינקטליך שיקען די וויטערדיגע נומערען.

## די אדמיניסטראציע.

**אנמערקונג:** 1) מיר בעטען די אבאנענטען, אז ביים אריינשיקען דאס געלד זאלען זיי מודיע זיין יעדער זיין נומר פון באנדעראל. 2) די „פרעמיע" אהן דער צייטונג פערקויפט זיך ניט

Nr. 42. **Jüdische Volks-Zeitung** צווייטער יאהרגאנג.

# יודישע פאלקס־צייטונג

א וואכענבלאט פאר אלע יודישע אינטערעסען.

**אבאנאמענטס־פרייז:**
עסטרייך־אונגארן: יעהרליך 10 קראנען.
האלב־יעהרליך . . . . 5 „
פיערטעל־יעהרליך . . . 2.50 „
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 9 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהר. 8 שילינג 8 פענס.
אנדערע לענדער: יעהרליך 11 פראנק־
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם": יעהרליך 12.50 קראנען; 11.25 מארק; 11 שילינג; 14 פראנק. האלביעהרליך 7.50 קראנען; 6.75 מארק 6.60 שילינג; 8.40 פראנק; פירטעליעהרליך 3.75 קראנען; 3.40 מארק; 3.30 שילינג; 7.29 פראנק.

ענדערן די אדרעסע קאסט 20 קאפ. 40 העלער.

**אבאנאמענטס־פרייז פאר רוסלאנד:**
יעהרליך 4 רובל, האלב־יעהרליך 2 רובל
פיערטעל־יעהרליך 1 רובל.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם": יעהרליך 5 רובל; האלב־יעהרליך 3 רובל, פיערטעל־יעהרליך 1.50 רובל. יעהרליכע אבאנענטען קענען די 5 ר' אויסצאהלען אין ראטען: ביים אויסשרייבען 2 רובל, דעם 1־טען אפריל 1 רובל, 1־טען יולי 1 רובל און דעם 1־טען אקטאבער די לעצטע ראטע 1 רובל.
איינצעלנע נומערן 8 קאפ. 20 העלער.

פרייז פאר מודעות (אנצייגען):
פאר יעדער קליינע שורה פעטיט 15 קאפ. 30 העלער, 40 פעניג.
אויף די ערשטע זייטע פאר דעם טעקסט 30 קאפ. 60 העלער, 80 פעניג.

די אדרעסע פאר עסטרייך־אונגארן און אנדערע לענדער:
Administration
„Jüdische Volks-Zeitung"
Krakau, Sebastyangasse 32.

די אדרעסע פאר רוסלאנד:
Издательство „Тушія" Варшава
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ":
מינדליך: נאוואליפקי 7, וואהנונג 9.

15 October 1903. Nr. 42. כ"ד תשרי תרס"ד.

## וואס דארף זיין דער ציוניזם?

אט די פראגע דארף זיין איצט ביי אונז גאר די וויכטיגסטע, אויף וועלכער מיר דארפען געבען א דייטליכען און קלארען ענטפער און ניט אריינפאלען אין איינזייטיגקייט.

דער ציוניזם דארף זיין א פאלקס־בעוועגונג, וועלכע נעמט ארום דאס גאנצע פאלק, אלע קלאסען זיינע. די שטרעבונג זיינע דארף זיין דאס אויפלעבען פונ'ם יודישען פאלק, געבען איהם די מעגליכקייט לעבען און א קיום האבען. דעריבער דארף זיך דער ציוניזם פארנעמען מיט אלעס וואס קאן אויפלעבען אונזער פאלק. דעריבער דארף דער ציוניזם נאכזוכען אלע מיטלען, וועלכע קענען פארגרינגערען דאס שווערע לעבען זיינס, קענען איהם צוגעבען שטארקקייט און מוט, קענען אויפלעבען און ענטוויקלען אלע זיינע גייסטיגע אייגענשאפטען און שאפען נייע. דער ציוניזם האט ניט איין ארבייט פאר זיך, נאר א סך ארבייט. ער דארף זיך ניט פארשליסען אין די פיער איילען פון איין אינטערעס, ווי היילינג און טייער ער וואלט ניט זיין, נאר ער דארף זיך פארנעמען מיט אלע אינטערעסען פונ'ם יודישען פאלק. אלעס וואס ס'קאן אויפלעבען דאס יודישע פאלק, אלעס וואס ס'קאן אויפוועקען ביי איהם די פארשלאפענע נאציאנאל־געפיהלען, — דאס אלעס דארף אריינגעהן אין דער פראגראמע פון אונזער ארבייט. דער ציוניזם דארף ארומנעמען אלע ווינקעלעך פון דער יודישער וועלט און דארף זיך עוסק זיין מיט יעדער זאך, וועלכע קאן אביסל פארבעסערען אונזער שווערע לאגע און קאן אונז דערהייבען גייסטיג. דער ציוניזם דארף מלחמה האלטען, אז דאס יודישע פאלק זאל קענען א קיום האבען און דארף זיך בעניצען מיט אלע מיטלען, וועלכע פיהרען דערצו.

דאס וויכטיגסטע ארט אינ'ם ציוניזם דארף פארנעמען שטרעבונג צו קריגען א היים פאר א טייל פון דעם יודישען פאלק, וואו ער זאל קענען לעבען א פריי פאליטיש און נאציאנאל לעבען און ענטוויקלען זיך נאך דעם גייסט פון זיין קולטורא.

נאר דענסטמאל ווען די גאנצע ארבייט אונזערע פאר'ן פאלק וועט געהן צוזאמען אט מיט דעם פאלקס־אידעאל — נאר דענסטמאל קאן זי ברענגען נוצען, נאר דענסטמאל קאן זי האבען א קיום.

דעריבער דארף די שטרעבונג צו קריגען א פארזיכערט ארט פאר יודען זיין דער הויפט־פונקט אינ'ם ציוניזם.

און די שטרעבונג דארפען מיר אוועקשטעלען אויף אזא אופן, אז זי זאל זיין לייכט ערפילט צו ווערען. מיר דארפען ניט מאכען די אויפלעבונג פון אונזער פאלק אבהענגיג פונ'ם אויפלעבען פון אונזער לאנד.

אזא אומגליקליך, פארמוטשעט און דערשלאגען פאלק ווי מיר יודען טארען זיך ניט איבערגעבען צו פיעל צום געפיהל און טראדיציאן, ווי היילינג און טייער זיי וואלטען איהם ניט זיין.

א פאלק וואס טרענקט זיך אין איהם פון צרות; א פאלק וואס ווערד שטענדיג ארומגעיאגט און ארומגעטריבען; א פאלק, וואס טייכען בלוט זיינע רינען אין אלע גאסען, א פאלק, וואס אין דער גאנצערברייטער און שיינער וועלט געפינט זיך פאר איהם קיין קליין שטיקל ארט ניט, וואו דעם קאפ אנצושפארען, אזא פאלק דארף זיך ניט פארבונדען די הענט מיט די פיס אין דער ארבייט זיינער צום אויפלעבען. ביי אזא פאלק דארף זיין דער עיקר צו קריגען איין ארט, וואו ער זאל קענען לעבען א פריי נאציאנאליש לעבען, א זעלבסט־שטענדיג פאלקס־לעבען. אזא פאלק דארף זיך פארגרינגערען די מעגליכקייט צום אויפלעבען און ניט זיך אליין בינדען, לעגען שטיינער אויף דעם וועג. ביי אזא פאלק דארף זיין דער עיקר דאס פארזיכערט ארט. אויב ס'קאן זיין אין זיין אמאליגען לאנד — איז א ודאי גוט, נאר אויב דאס קאן ניט זיין דארף ער זיך ניט איינעקשנ'ען און שרייען: אדער ארץ־ישראל אדער אייביגער גלות. מיר דארפען פארשטעהן, אז סוף כל סוף, איז אונזער לאגע אזוי שווער און ביטער ניט דערפאר,

וואס מיר האבען ניט ארץ ישראל, "נאר דערפאר וואס מיר האבען בכלל ניט קיין לאנד".

אט פאר דעם אלעם דארף זיין די שטרעבונג צו קריגען א פאר־זיכערט ארט פאר די יודען דער הויפט-פונקט אינ'ם ציוניזם.

נאר אויך זעהר א וויכטיג ארט דארף פארנעמען די ארבייט אונזערע אין פאלעסטינא.

איצט ווען מ'האט אונז מודיע געווען אויף דעם קאנגרעס, אז עס זענען איבערגעהאקט געווארען די האנדלונגען צווישען סולטאן און הערצלען וועגען דעם טשארטער; איצט ווען מיר ווייסען, אז עס קאן אוועקגעהן א גאנצער דור אדער אפילו דורות ביז מיר וועלען קריגען דעם טשארטער, איצט דארפען מיר עוסק זיין מיט דעם ישוב אין ארץ־ישראל ניט בעקומענדיג דעם טשארטער. מיר דארפען זיך סטארען מיט אלע קרעפטען אונזערע, צו פארגרעסערען די צאהל פון די איינוואהנער אין ארץ־ישראל; מיר דארפען זעהן גרינדען דארט וואס מעהר קאלאניעס, קולטיווירען די דארטיגע יודען און ערציהען דעם נייעם דור אינ'ם יודישען נאציאנאלען גייסט. פיעל כחות און מיה דארפען מיר אוועקלעגען, כדי רייך צו מאכען אונזער מאטעריאלען און גייסטליכען אייגענטום אין פאלעסטינא. חיבת ציון דארף פאר־ברייטערען די פראגראמע איהרע און דארף צוציהען צו זיך די הערצער פונ'ם גאנצען יודישען פאלק.

מיר דארפען איצט אנהויבען שטארק ארבייטען אין פאלעסטינא, אין וועלכען אומשטאנד ס'איז מעגליך.

און אין דער ארבייט דארפען א טייל נעמען אלע ציוניסטען.

און נאך א גרעסערען טייל אין דער ארבייט דארפען נעמען די ציוניסטען, וועלכע זענען פאר אפריקא. דערמיט וועלען זיי בעווייזען, אז זיי האבען ניט ווייניגער ליב ארץ־ישראל ווי די וואס זענען קעגען אפריקא. דענסטמאל וועלען מיר זיי קאנען גלוי־בען, אז קיין שום לאנד וועט זיי ניט פארבייטען ארץ־ישראל און ווי זיי וועלען ניט זיין וועלען זיי בענקען נאך פאלעסטינא. דענסטמאל וועלען מיר קאנען זיין זיכער, אז אוגאנדא וועט ביי אונז זיין א נאכט־ארט, וואו מיר וועלען קיינמאל ניט אויפהערען האפען צו אומקעהרען זיך קיין ארץ־ישראל.

יא, אלע ציוניסטען אזוי ווי די וואס זענען געגען אוגאנדא, אזוי אויך די וואס זענען פאר אוגאנדא, דארפען איצט אנהויבען אר־בייטען צו קאלאניזירען פאלעסטינא און צו מאכען דארט א גרויסען קולטורעלען ישוב פון יודען.

נאר מיר דארפען ניט קוקען אויף דער ארבייט אונזערער אין פאלעסטינא ווי אויף עטוואס, אין וועלכען ס'איז בעלאנגט די גאנצע יודישע ישועה. מיר דארפען קוקען אויף איהר נאר ווי אויף איין טייל — אמת זעהר א גרויסער און א וויכטיגער — פון אלע אונזערע פיעלע ארטען ארבייט, וואס אין אונזער פיעל-זייטיגער ארבייט, וועלכע מיר דארפען טון.

די פארברייטערונג פונ'ם ישוב אין ארץ־ישראל דארף א ודאי זיין א טייער און א הייליגער אידיאל ביים גאנצען יודישען פאלק. מיר בעדארפען זיך פארנעמען צו קאלאניזירען פאלעסטינא און מאכען דארט א גרויסען ישוב פון יודען, וויפיעל געלד און מיה ס'זאל אונז ניט קאסטען; וואס אין איין אנדער ארט וואלטען מיר זיך דערמיט ניט פארנעמען, ווען ס'זאל אונז קאסטען אזוי פיעל טרחה און מיה.

נאר דאס אלעס בעדארפען מיר טון נאר דערפאר, וואס מיר פארנעמען זיך מיט גרינדען א ישוב אין אונזער היס־טארישען לאנד; נאר דערפאר וואס מיר וועלען האבען א גרעסערען ישוב ביי אונז אין לאנד, וואס מיר וועלען האבען דארט א יודישע קולטורע, מעהר ענטוויקעלט, מעהר רייך, וועט דאס אלעס האבען א גוטע ווירקונג אויף אונז און וועט זיין איינער פון די גאר גרעסטע און וויכטיגסטע פאקטארען, אז דאס

# פעליעטאן.

## פון אלע עקען וועלט.

א זעלטענע מדינה. — א גן עדן אויף דער וועלט. — פון גן עדן ווערד א גהנום. — איין ארט פאר אלע. — דער קעניג פון אוגאנדא.

אין דער צייט ווען מען רעדט, אז אויף דער וועלט זאל צו קומען א נייע מדינה — א יודישע אין מזרח־אפריקא, רעדט מען אויך שטארק, אז אין אייראפא זאל ווינציגער ווערען איין מדינה.

וועגען דער זעלטענער מדינה, וועלכע האלט איצטער אין גוס'ען און ציילט איהרע לעצטע מינוטען, הערען אפשר אונזערע לעזער דאס ערשטע מאל, חאטש די מדינה פיהרט זיך א בעזונדער לעבען שוין באלד הונדערט יאהר און דעריבער טאקי וויל איך מיט איהר בעקענען אונזערע לעזער, זאלען זיי פון דער זעלטענער מדינה אויך וויסען.

די גאנצע מדינה פארנעמט א פלאץ פון 500 דעסיאטין ערד און איהרע איינוואהנער זענען אין אנהויב, ד. ה. און יאהר 1816 געוועזען 450 נפשות. די מדינה מיט דעם נאמען אלטענבערג (א טייל פון דעם געגענד אבעל) געפינט זיך צווישען די גרענעצען פון בעלגיע און דייטשלאנד. די בעלגיער רופען די מדינה א "קלינגענדריגען נאמען "רעפובליקע דע־מארעסנעט" און די דייטשען רופען עס: "רעפובליק אלטענבערג".

די געשיכטע, ווי אזוי דאס קליינע שטיקל פלאץ אלטענבערג מיט איהרע 450 איינוואהנער איז געווארען א בעזונדערע מדינה, הויבט זיך אן פון יאהר 1816. אין דעם יאהר איז צווישען פרייסען און נידער־לאנד אונטער געשריבען געווארען א טראקטאט וועגען זייערע גרענעצען, נאר איבער דעם שטיקל פלאץ אלטענבערג האבען זיי צווישען זיך ניט געקאנט אויסקומען, ווייל די דייטשען האבען דערוויזען, אז אלטענבערג איז געוועזען אמאל זייער עלטער־עלטער ווייערנס און דעריבער געהערט אלטענבערג צו זיי און די נידערלענדער האבען מיט אותות ומופתים דערוויזען, אז אלטענבערג האט געהערט זייערע עלטער זיידענס און זיי האבען די אמתע חזקה דערויף. און כדי מען זאל ניט דארפען פיהרען קיין מלחמה איבער אזא קלייניגקייט, איז ביי זיי געבליבען ניט מיר ניט דיר. און לויט דעם טראקטאט פון 26־טען יוני 1816 אין אחען איז אלטענבערג געבליבען א בעזונדערע מדינה אין אויטאנאמיע אונטער די השגחה פון פרייסען און נידערלאנד.

אין 1831, ווען בעלגיע איז געווארען א זעלבשטענדיגע מלוכה איז צו איהר פון די נידערלענדער איבערגעגאנגען אלע רעכטע איבער דער אויטאנאמיע פון דעם קליינעם שטיקל לאנד און עד היום געהער די השגחה איבער דער דאזיגער אויטאנאמיע צו פרייסען און בעלגיע.

די רעגירונג, וואס פיהרט די ארדענונג אין דער מדינה, בע־

יודישע פאלק זאל זיך האלטען פעסט אלס נאציאן. גאר דערפאר, וואס דענסטמאל וועט די שטרעבונג אונזערע צו קריגען א פערזיכערט ארט אין פאלעסטינא גרינגער ווערען צו רעאליזירען זיך. גאר דערפאר, וואס פאלעסטינא איז אונזער היסטארישׁ לאנד, אונזערע עלטערענס לאנד, צו וועלכען ס'געפינט זיך ביי יעדען פון אונז אין הארצען ליבשאפט פון הונדערטער דורות. גאר דערפאר, וואס דאס דאזיגע לאנד, איז איינע פון אונזערע גאר וויכטיגסטע גייסטליכע איינגעשאפטען; און אזוי ווי מיר דארפען זיך סטארען אויפלעבען אלע אונזערע גייסטליכע איינגעשאפטען, אזוי דארפען מיר זיך סטארען אויפלעבען, אין וועלכען אופן ס'איז מעגליך, אונזער וויסט לאנד.

א גרויסער יודישער ישוב אין ארץ־ישראל וועט שטענדיג זיין א קוואל פון לעבען און טרייסט צום הארץ פונ'ם יודישען פאלק.

אט אזוי דארפען מיר קוקען אויף אונזער ארבייט אין פאלעסטינא, וועלכע דארף געוויס פערנעמען א גרויס ארט אין אונזערע ארבייט פאר'ן פאלק, גאר זי דארף אבער ניט זיין די גאנצע ארבייט.

מיר דארפען פארברייטערען די פראגראמע פון אונזער ארבייט. פיעל און אלערליי ארבייט האבען מיר אין ארץ־ישראל און אין חוץ־לארץ, וועלכע קענען פארבעסערען די יודישע לאגע מאטעריאליש און גייסטליך.

און אט די אלע ארטען ארבייט דארף איצט דער ציוניזם אריין נעמען אין זיין ארבייטס־פראגראמע.

גאר דענסטמאל וועט דער ציוניזם ווערען איין אמת'ע פאלקס־בעוועגונג.

גאר דענסטמאל וועלען מיר ציוניסטען קענען זאגען, אז מיר האבען דאס גאנצע יודישע פאלק אונטער אונזערע פלייצעס.

ש. צ. זעצער.

## זאנגוויל'ס רעדע אין לאנדאן *)

אויף דער גרויסער אספה אין דער „גרייט אססעמבלי־האלל“, וואס די לאנדאנער ציוניסטען האבען געמאכט, בעת די ענגלישע דעלעגאטען זענען צוריק געקומ־ען פון דעם קאנגרעס.

אין דעם נאמען פון די דעלעגאטען, וואס זענען דא פארזאמעלט דאנק איך אייך פאר די פריינדליכע אויפנאהמע ביי אונזער צוריק קומען אהיים, און איך האב די עהרע אייך איבערצוגעבען מיינע פערזענליכע איינדריקע פון אלעם, וואס איז פארגעקומען אויפ'ן זעקסטען ציוניסטען־קאנגרעס און איין איבערזיכט אויף די איצטיגע לאגע. אבער אנשטאט אנצוהויבען פון אנהויב. וויל איך אנהויבען פון סוף. איהר האט געוויס געהערט, אז דער קאנגרעס איז געוועזען זעהר א לעבעדיגער און מזרח־אפריקא איז פלוצלינג אריינגעשפרונגען אין אונזער קארטע. איהר האט אויך געהערט געשרייען, אז מיר האבען אומגעביטען אונזער פראגראם. וואס איז אבער דער סוף פון דער גאנצער געשיכטע? וואס איז דער סך־הכל פון די איינדריקע. וואס איך האב מיטגענומען פון דעם דאזיגען גרויסען קאנגרעס?

שוין מעהר ווי אכטצעהן הונדערט יאהר, זייט די צייטען פון בר־כוכבא, איז ארץ ישראל ניט געשטאנען אזוי נאהנט צו אונז ווי היינט. ווייל דער וועג צו ארץ ישראל איז היינט ניט קיין מיליטערישער. מיר קאנען נאר קומען אהין דורך פאליטיק, און די יודישע פאליטיק איז באמת ערי'ט אויף דעם זעקסטען קאנגרעס, פון וועלכען מיר קומען ערשט, בעשאפען געווארען. אמת דער באזעלער קאנגרעס האט שוין איינינע יאהר עקסיסטירט, אבער ער איז געוועזען ביז איצט ניט מעהר ווי א פארבערייטונגס־פארלאמענט. גאר אונזער רעדען,

*) זאנגווילס רעדע, וואס מיר געבען דא, איז ספעציעל פאר אונזער צייטונג פון אונזער לאנדאנער קארעספאנדענט איבערזעצט פון דעם אריגינאל אין דער ענגלישער שפראכע. די רעד.

שטעהט פון איין סטאראסטא, צוויי אוראדניקעס, איין אונטער־אפיצער, איין אלטער מענש, א קרומער אויף איין פוס און איין ריכטער (מיראוואי סודיא), וועלכער משפט לויט די דינים פון דעם „קאדעקס נאפאלעאן“, וואס מע האט איינגעפיהרט פון אנהויב אן אין דעם לאנד. דער זעלבער ריכטער איז אויך דער נאטאריוס, דער סודעבנע פריסטאוו און דער אויפזעהר איבער דער טורמא.

קיין שום מס צאהלט מען ניט, אין מיליטער דארף מען ניט דיענען. אפילו פון שטעדטישע און טאמאזשנע אבצאהלונגען איז מען אויך פריי. און די איינוואהנער לעבען זיך אין פארגעניגען, אהן שווערקייטען, אהן זארגען, דאס לעבען קאסט זיי ניט און האבען עס אומזיסט... און דעם גן עדן האבען זיי אויף דער וועלט. דעריבער איז קיין וואונדער ניט, וואס די צאהל פון די איינוואהנער האבען זיך ביז איצטער פארגרעסערט ביז 3000, וועלכע בעשטעהען פון פארשידענע „אויסלענדער“, וועלכע זענען אין דעם לאנד זיך אנגעלאפען. דאס לאנד איז איצטער ניט צו דערקענען. אויף דעם ארט פון די פריהערינע דרייסיג פיערציג איינגעהויקערטע ארימע שטובלעך, אין וועלכע עס האבען געוואהנט די ערשטע בעלי־הבתים פון דעם לאנד, ארימע ארבייטער פון די נאהנטע בערג־גרובען, איז איצטער אויסגעבויט זעלטען שיינע הייזלעך מיט געפוצטע גערטנער. דא פארברענגען גוט די צייט א סך אנפאהרער פון אנדערע לענדער, וועלכע ווילען זיך אומקעהרען אביסעל נאהנטער צו דער נאטור און פיהרען א פריי לעבען. דא זינגט מען און מען שפיעלט און מען טאנצט מעהר ווי אין אלע לענדער.

אזוי זענען געפלויגען יאהרען און אלטענבערג האט זיך געלעבט רוהיג און רייכער געווארען און עס האט זיך אויסגעוויזען, אז דער דאזיגער גן עדן אויף דער וועלט וועט זיך פאר די דארטיגע איינוואהנער קיין מאל ניט אויסלאזען. דארף זיך אבער מאכען א מעשה, אז אין בעלגיע האבען זיך די לעצטע יאהרען שטארק פארשפרייט די „שפיעל־הייזער“, וואס זענען געמאכט געווארען נאר דערויף אריינצונארען אהין רייכע מענשען און ביי די גרינע טישען צונעמען ביי זיי דאס לעצטע. די בעלגישע רעגירונג האט געפונען פאר נייטיג צו פארבאטען אין גאנצען לאנד די דאזיגע שיינע הייזער. לאנג האבען זיך די שארלאטאנעס פון די הייזער ארומגעדרעהט איבער דער וועלט, זוכען ערגעץ איין ארט ווי צוזאמענקומען זיך, און האבען זיך אבגעשטעלט אויף דער רעפובליק אלטענבערג. זיי האבען דארט אויסגעבויעט א שפיעל־הויז, און די גאנצע וועלט שולירעס מיט שארלאטאנעס קומען זיך צוזאמען אין דעם הויז. די בעלגישע רעגירונג האט פארלאנגט פון דער רעפובליק, מען זאל פארמאכען דאס שעדליכע הויז, אבער מען האט ניט געפאלגט. רעגנסטמאל האט בעלגיע געשיקט איהרע זשאנדארמען, מען זאל צעטרייבען די אלע וואס קומען אהער שפיעלען און מען איז זיך צעלאפען. אבער ווי באלד נאר די זשאנדארמען זענען אוועק צו זיך אין לאנד, זענען די חברה צוריק אין הויז זיך אנגעלאפען.

אט אזוי האט זיך געיאגט די בעלגישע רעגירונג נאך די שו־

אונזער שרייען האט געדיענט נאר די ארימע צונויפצוקלויבען. אונזערע ציוניסטישע ליעדער זענען נאר ווי דאס אויפשפיעלען פון מארסאלעזא, כדי אויפצומונטערען דעם עולם צום מארש. איצט אבער זענען מיר שוין אויפ'ן וועג קיין ציון. מיר האבען אויפגעוואכט פון די חלומות, מיר האבען אנגעהויבען אבצוראמען די שטיינער פון אונזער וועג, אום דורכדעם צו בעוועגען זיך ווייטער. מיר זענען איבערגעגאנגען פון לופט־מענשען צו פראקטישע פאליטיקער. צי מיר וועלען גריגדען א לאנד אין אסט־אפריקא אדער נישט איז גאר א קלייניגקייט אין פארגלייך מיט דעם פאקט, אז אונזער בעוועגונג איז איצטער געווארען אפיציעל אנערקענט פון צוויי גרעסטע וועלט־מעכטע: ענגלאנד און רוסלאנד, און אז מיר האבען אויפגעהויבען דעם מצב פון אונזער פאלק צו א הויכע מדרגה, פון וועלכע ער דארף קיינמאל ניט אראבגעהן. א סך פון דער פערזאמלונג זענען געוויס געגען דעם אסט־אפריקא פראיעקט. ווען זיי דערמאנען זיך אבער, וואס די יודישע געשיכטע איז געוועזען זייט דעם חורבן פון אונזער מלוכה; ווען זיי דערמאנען זיך אן דעם פארדריקטען לעבען פון די גהעטא'ס, וואס — ווי שיילאק האט זיך אויסגעדריקט — „צרות איז געוועזען די מארקע פון אונזער גאנצען שטאם", די פארפאלגונגען דורך פייער און שווערד, די געלע שאנד־פלעקען, וועלכע מיר האבען געמוזט טראגען, די קאטאוועסען, וואס מען פלעגט מיט אונז אבטון ביי קריסטליכע קארנעוואלען; ווען זיי דערמאנען זיך אן די קהלות, וואס זייערע פרנסים און פיהרער האבען יעהרליך געמוזט געהן אין די קריסטליכע ראטהייזער, צו צונעמען א קלאפ איבער'ן אויער; ווען זיי געדענקען, ווי אזוי די ענגלישע יודען אליין זענען פאררעכענט געווען אלס לייב־קנעכט פון קעניג; ווען זיי בעקלערען זיך גאר, אז מיט הונדערט יאהר צוריק האבען מיר גאר אין ענגלאנד ניט געטארט וואהנען און מיט וועלכער מיהע מיר האבען בעקומען די ערלויבניש אריינצוחאפען זיך צוריק און ווי מיר האבען געמוזט קעמפפען פאר אונזערע רעכטען איינע נאך די אנדערע, — און ווען זיי בעטראכטען דערנאך דעם פארשלאג, וואס מען האט אונז געמאכט: אויסצוקלויבען א שטיק פון דעם שענסטען און טייערסטען לאנד ווי אסט־אפריקא און בילדען דארטען איין ענגלישע קאלאניע, מיט יודישע היימישע רעגירונג, מיט יודישע נאציאנאלע מנהגים — מוזען דענסטמאל אפילו די ביטערסטע געגנער פון דעם נייעם פראיעקט מודה זיין, אז נאר די ערדייכונג פון אזא פארשלאג איז א געוואלדיגער נצחון פאר אונזער ארגאניזאציע. און מעהר נאך אלס א נצחון פאר דעם ציוניזם — איז דאס א מאראלישער נצחון פאר ענגלאנד, א נצחון פאר די גאנצע מענשהייט. און ניט נאר מיר יודען אליין, נאר אלע איידלע מענשען פון אלע לענדער, וועלכע קעמפפען צום אויפהויבען די מענשען צו העכערע צוועקען — מוזען דאנקען די גרויסע נאציאן וואס האט געשיקט דעם דאזיגען ליכט־שטראהל אין די פינסטערניש פון אונזער צייט.

איז דאס א וואונדער, אז אפילו די געגנער פון די מיטגלידער פון דעם אקציאנס־קאמיטע האבען געמאכט „שהחיינו" בשעת זיי האבען געהערט לעזענדיג דעם בריף פון דעם מיניסטעריום דעם אייסערען? „Ex Africa semper alignid no-vi" („פון אפריקא קומט שטענדיג עפּיס נייעס") זאגט א לאטייניש שפריכווארט, און די פינסטערע געגענד (אפריקא) האט נאך איהרע איבערראשונגען. אפשר איז איהר באשערט צו ווערען די געגענד פון ליכט.

אבער ניט נאר אויף דעם אליין, וואס מיר זענען איצט געווארען א פאליטישע קערפערשאפט, וועלכע איז פעהיג צו אונטערהאנדלען מיט רעגירונגען וועגען קאלאניזאציע און וואס וועט דערפאר אויך קענען שפעטער אמאל אונטערהאנדלען וועגען ארץ־ישראל; ניט נאר דערויף אליין בעשטעהט מיין בעהויפטונג, אז מיר זענען געקומען נעהנטער צו פאלעסטינא. ניין! דער קאנגרעס האט פארגעבראכט איין אנדער היסטארישען דאקומענט, א בריף פון הערן פאן־פלעווע,

---

לירעם עטליכע וואכען. און ווי באלד זי האט געזעהן, אז מען קאן דא גאר ניט העלפען, האט זי זיך אפיציעל געווענדט צו דער פריישישער רעגירונג, אז עס זאל זיין אפשר א סברה, אז מען זאל אלטענבערג מאכען פאר אויס אויטאנאמיע. פרייסען האט באלד זעהר פריינדליך געענטפערט, אז עס נעפעקט איהר שטארק דער פלאן, אז עס איז טאקי א גרויסער יושר ענדליך מאכען דארט אויס אויטאנאמיע, נאר מען זאל דאס לאנד איהר אין גאנצען אוועקגעבען און זי וועט שוין דארטען מאכען א נוטע ארדענונג.

בעלגיע טענה'ט אבער איהר אלטע טענה, אז דאס לאנד האט נאך געהערט איהרע עלטער זיידעס און דעריבער קאן זי עס פרייסען ניט אוועקגעבען און דערווייל ביז די דאזיגע פאליטישע איבערשרייבונגען צווישען די צוויי רעגירונגען וועלען קומען צו א ענדע, שפיעלט מען דערווייל טאג און נאכט אין דעם פארשאלטענעם הויז און טויזענטער מענשען ווערען פאראומגליקט, און דער דאזיגער גן־עדן איז געווארען א לאנד פאר דער גאנצער וועלט שארלאטאנעס. איין אמת'ער גיהינום.

נאטירליך קאן מען דאס אזוי לאנג ניט לאזען און סוף כל סוף וועט אלטענבערג מוזען ווערען אונטערווארפען אונטער איין אייראפּיאישע רעגירונג. די צאהל פון די מדינות אין אייראפּא וועט פארקלענערט ווערען מיט איינע.

---

אין דער שטאדט גיעסען (דייטשלאנד) האבען די דארטיגע איינוואהנער זיך מישב געוועזען, צו וואס טויגען עס, אז אויף דער וועלט זאל זיין אזוי פיעל רעליגיאנען, ווי קאטוילישע, פּראטעסטאנטישע, מאחמאדאנישע, חינעזישע, יודישע א. ד. ג. אז אלע דיענען באמת נאר איין גאט אין הימעל. מילא, מען זאל וועלען איינפיהרען איין רעליגיע פאר אלע מענשען אויף דער וועלט, וואלט פריהער בעדארפט טייכען מענשען־בלוט פארגאסען ווערען, אבער פאר וואס זאל מען דאס ניט קענען אויספיהרען חאטש מיט די געשטארבענע מענשען, פאר וועלכע עס איז שוין אלעם גלייך און קיין מענשען־בלוט קענען זיי אויך ניט פארגיסען, צי וואס דארף מען אין שטאדט פאר זיי מאכען פארשידענע „טשערטאען", אז אויף דעם פלאץ מעג מען נאר מקבר זיין קאטוילען, אויף דעם — נאר פּראטעסטאנטען און אויף דעם — נאר יודען, און ביי די פּני העיר פון דער שטאדט גיעסען איז געבליבען, אז מען זאל איינפיהרען, אז חאטש נאך דעם טויט זאלען אלע מענשען זיין גלייך און דער דארטיגער שטאדט־מאגיסטראט האט שוין זייט א פאר יאהר איינגעפיהרט איין בית הקברות פאר אלע מענשען פון פארשיעדענע רעליגיאנען. דא האט מען מקבר געוועזען קאטוילען, פּראטעסטאנטען און יודען. אויף דעם דאזיגען בית הקברות איז ניט קיין שום סמנים פון דער אדער יענע רעליגיע, ווי א צלם אדער א האלבע לבנה א. ד. ג.

אזוי איז אוועק א צייט גאנץ רוהיג, מענשען פון פארשידענע

וועלכער בעלייכטעט גענוי די רוסישע פאליטיק בנוגע צום ציוניזם. ווי מוז דער בריף חרב מאכען די מיינונגען פון די וואס זאגען, אז די יודענפראגע קאן נאר געלייזט ווערען אין רוסלאנד אליין. אונז, ציוניסטען, איז דאס שוין געוועזען פון לאנג קלאר. מיר האבען גע־וואוסט, אז רוסלאנד וויל ניט האבען איהרע יודען; מיר האבען גע־וואוסט, אז ווען א משה איז געקומען ארויסצופיהרען זיין פאלק פון קנעכטשאפט — האט פרעה זיי געוואלט לאזען געהן. האב איך אייך ניט ענדעקט אויף א ציוניסטישע אספה דעם געהיימען אבמאך פון רוסלאנד מיט דער יק"א, צו העלפען די יודען צו עמיגרירען? גע־דענקט איהר ניט דעם פארשלאג פון דעם סאוועט פון די מיניסטארען צו צאהלען 5.84 רובל פאר יעדען יודען וואס עמיגרירט? ווען פון דעם איז גאר נישט געווארען — איז ניט צוליב רוסלאנד, נאר ווייל יק"א האט ניט מסכים געוועזען. רוסלאנד וויל עס, והראיה זי ערקלערט אונז איצט, אז זי איז בערייט אנצוווענדען איהר דיפלאמאטישע איינפלוס, אז מיר זאלען קענען בעקומען ארץ־ישראל. עס איז אמת, אז ווען אלע יודען פון רוסלאנד וואלטען אריבער נאך פאלעסטינא — וואלט רוסלאנד געפיהלט דעם היזק און אפשר אויך חרטה געהאט. אבער אזעלכע מאסען־איבערזידלונג וועט קיינמאל ניט זיין. איך גלויב ניט, אז אפילו די ציוניסטען, וואס רעדען — שטעלען זיך פאר אזא גרויסע פארענדערונג: מאנטאג פריה פינף מיליאן יודען אין רוסלאנד און דיענסטאג מיטאג נאך פינף מיליאן יודען אין ארץ־ישראל.

די באזעלער פראגראם מישט זיך נישט אין קיין שום גלויבענס זאכען און נאר פון דער פאליטיק בעטראכטעט איז קלאר און איינפאך, אז זי מוז איינמאל אויסגעפיהרט ווערען. רוסלאנד האט א בעפעל־קערונג וואס זי דארף ניט, פאלעסטינא, איהר שכנ'תע אויף יענער זייט פון שווארצען מעער איז אין א שלעכטען צושטאנד, ווייל עס פעהלט איהר פעהיגע מענשען. אונזער לייזונג איז אזוי איינפאך, און שטימט אזוי מיט דער איצטיגער רוסישער פאליטיק, און נוצליך פאר דער טערקיי, נוצליך פאר ענגלאנד און אמעריקא, ווייל זי איז מבטל זייערע עמיגראציאנ'ס פראגען מיט איין קלאפ. דאס אז דער קלארער איינפאכער פלאן זאל ניט אויסגעפיהרט ווערען — מוז דאס ווירקליך א משוגע'נע וועלט זיין. מיינע הערען! און איך בין זיכער, אז ווען אונזערע מענשען מיט קעפ און מיליאנען וואלטען זיך פאראייניגט און זייערע גאנצע קרעפטען און ווירקונג וואלטען זיי אנגעווענדעט אויף דעם פונקט — וואלטען מיר שוין זיכער געקאנט זאגען: לשנה הבאה בירושלים!

י. ט. זלקינד.

(פארטזעצונג קומט).

---

# אוגאנדא.

דער פרעזידענט פון אפריקא איבער די יודישע אויטאנאמיע. — דאס נייע לאנד און איהרע מעלות. — איין אינטערוויו. — וועער פון יודען וועלען זיך אין נייעם לאנד בעזעצען. — אונזער האפענונג.

די לאנדאנער אילוסטרירטע צייטונג „בלעק ענד הוואיט" ברענגט אין איהר נומער פון 12 סעפטעמבער איין ארטיקעל איבער די פראגע פון מזרח־אפריקא און זאגט דערביי, אז חאטש פון דעם לארד לענדסדאונס פאליטיק ווייזט אויס, אז ער איז פאר די יודישע אויטאנאמיע אין מזרח-אפריקא, מוז מען אבער אויך בעקלערען וועגען די אינטערעסען, וואס די ענגלישע בירגער האבען דארטען, און דאס בעשטעטיגט א בריף אויס מאמבאז, וואס דער דארטיגער פרעזידענט וו. ד. יונג האט געשריבען:

די ביסל ענגלענדער, שרייבט דער פרעזידענט, וואס האבען זיך אין מזרח־אפריקא בעזעצט און האבען זייער גאנץ פארמעגען דארטען אויסגעבראכט, וואונדערן זיך און האבען אויך עגמת נפש פון דעם, וואס דאס ענגלישע מיניסטעריום דעם אייסערען האט נאך דערווייל גאר נישט געטאן בעקאנט צו מאכען אין דער גאנצער וועלט, אז דאס

---

רעליגיאנען זענען געשטארבען און מען האט זיי מקבר געוועזען אויף דעם דארטיגען איינציגען בית הקברות. די מתים זענען קיינעם ניט גע־קומען צו חלום זיך בעקלאגען אויף דער נייער איינפיהרונג, א סימן אז זיי לעבען צווישען זיך בשלום.

נאר די לעבעדיגע פראטעסטאנטען האבען אזא שלום צווישען די טויטע לאנג ניט געקאנט צוזעהן און זייערע גייסטליכע האבען איינ־געגעבען א ביטע אין מאגיסטראט, מען זאל זיי ערלויבען צו מאכען פאר די פראטעסטאנטען א בעזונדער בית הקברות. דער מאגיסטראט האט דערויף געענטפערט, אז מען קאן זיי ערלויבען נאר דאן ווען מען וועט פרעגען די גייסטליכע פון אנדערע רעליגיאנען — קאטוילען און יודען. אויף דער פראגע פון מאגיסטראט איז אנגעקומען איין ענט־פער פון די קאטוילישע און יודישע גייסטליכע, אז מען קאן ניט ערלויבען קיין בעזונדער בית הקברות. דער מאגיסטראט האט די פראטעסטאנטישע גייסטליכע אבגעזאגט זייער ביטע.

די דארטיגע צייטונגען זענען שטארק אויפגערעגט אויף די פראט־עסטאנטען, וואס ווילען זיך פריוועז מאכען איין אונטערשיד צווישען מענשען פון פארשידענע רעליגיאנען און מאכען אויפמערקזאם, אז אזא זאך וואלט אפשר מעהר געפאסט פאר די קאטוילען, וועלכע בע־שעפטיגען זיך תמיד צו מאכען חלוקים צווישען מענשען פון פארשידענע רעליגיאנען, אבער עס פאסט כלל ניט פאר די ציוויליזירטע און פרייע פראטעסטאנטען.

---

עס לאזט זיך אויס א מעשה, אז אין אוגאנדא, וואס ענגלאנד וויל אונז יודען אוועקגעבען, געפינט זיך עד היום איין אוגאנדישער קעניג, ער רעכענט זיך פאר דעם יונגסטען פון אלע מלכים פון דער וועלט, ער איז אין גאנצען אלט זיבען יאהר. אזוי ווי אוגאנדא געפינט זיך אונטער דער אויפזיכט פון ענגלאנד, ערציהט זיך דער יונגער קעניג ביי ענגלישע לעהרער, וועלכע זיי לאזען איהם ניט ארויס פון זיין געבורט־שטאדט מענגא, די הויפטשטאדט פון אוגאנדא. ביז דער יונגער קעניג וועט אלט ווערען 18 יאהר פיהרט דאס לאנד זיין ערשטער מיניסטער, וועלכער איז שטארק איבערגעגעבען די ענגלישע רעגירונג.

פיעל אילוסטרירטע צייטונגען האבען געבראכט זיין בילד, ער זעהט אויס ווי איין עכטער שווארצער אפריקאנער, ער טראגט א פייערעקעדיגע יארמעלקעלע אויף דעם קאפ, געקליידט אין פויערשע קליידער און האלט אין דער האנט א לאנגען שטעקען, וואס איז לענגער פון איהם.

אט אזוי זעהט אויס דער יעצטיגער אראפגעווארפענער אוגאנ־דער קעניג.

א וועלט־מענש.



לאַנד געהערט איצט צו ענגלאַנד, און האָט נאָך קיין מיטעל געזוכט ווי צו קאָלאָניזירען דאָס דאָזיגע פרוכטבאַרע לאַנד מיט איהרע אייגענע ענגלענדער. מיר האָבען געמיינט, אַז דאָס וועט נאָר זיין כּל זמן די אוגאַנדער באַהן איז נאָך נישט פאַרטיג.

נאָר איצטער, איז שוין די באַהן פון אַ געוויסע צייט פאַרטיג, און די רעגירונג האָט טאַקי עפּיס געטאָן פאַר דעם נייעם לאַנד, אָבער גאָר נישט דאָס, וואָס מיר האָבען געמיינט.

די ידיעה, אַז מען וויל דאָס לאַנד אַוועקגעבען פרעמדע יודען האָט אונז ווי אַ דונער געטראָפען, דאָס וועט ברענגען אַ גרויס אומגליק, און מען וועט גאָר נישט גלויבען, אַז דאָס קאָן אויסגעפיהרט ווערען; די אייגענע ענגלישע אונטערטאַנען וועלען געגען דעם פּראָטעסטירען. די אייזענבאַהן אין מזרח־אַפריקאַ האָט אָבגעקאָסט 6 מיליאָנען פונט שטערלינג. וואָס דער עולם ביי אונז אין ענגלאַנד ווייסט און לייענט פון דעם דאָזיגען לאַנד אַלץ בעסער איז עס. דאָס איז אַ גרויסע עולה און עס קאָן לענגער אַזוי נישט בלייבען, עס מוז אַנדערש ווערען און טאַקי באַלד. ווען מיר בעטראַכטען דאָס גאַנצע לאַנד פון דעם האַפען (פּאָרט) ביז צו וויקטאָריע ניאַזנאַ, דערוויסען מיר זיך, אַז נאָר 200 מייל פון איין זייט און דער ברעג פון גרויסען ים קאָנען נישט טויגען פאַר ענגלישע קאָלאָניסטען און אַרבּייטער. פון מאַקינדאַ 207 מיילען אינעווייניג אין לאַנד און איין ערך פון 400 מיילען ווייטער איז דאָס לאַנד וואונדער שיין, וואָס לאָזט זיך גאָר נישט בעשרייבען. די ערד איז פרוכטבאַר און דער קלימאַט אויסגעצייכענט גוט. דאָ איז נישט איין וואָרט מגזם געוועזען, עס איז באמת איין אידעאַלעס לאַנד, וואָס די ענגלישע רעגירונג דאַרף עס פאַר איהרע אייגענע קינדער בעהאַלטען. פון אויסטראַליע און דרום אַפריקאַ זענען געקומען קאָלאָניסטען קיין מזרח־אַפריקאַ צו בעזעהען דאָס לאַנד. די דאָזיגע קאָלאָניסטען זענען ספּעציאַליסטען אין האָדעווען בהמות. זיי האָבען דאָס גאַנצע לאַנד דורכגעריזט און האָבען געזאָגט, אַז זיי האָבען נאָך אַזאַ שיין און גוט לאַנד אין ערגעץ נישט געזעהן, נאָר מחמת די געזעצע פון לאַנד האָבען זיי זיך דאָרטען נישט געקאָנט בעזעצען. ווען דער ענגלענדער לייענט אין דערהיים וועגען מזרח־אַפריקאַ, שטעלט זיך איהם אַוודאי פאָר, אַז דאָרטען איז אַ זאַמדיגער סטעפּ, אַ ברענענדיגע זון, מען זעהט מעהר ניט ווי לייבען און ניגערים און זעהר זעלטען בעגעגענט מען אַ בוים. אָבער באמת איז עס גאָר אַנדערש.

דאָס ענגלישע מזרח־אַפריקאַ איז איינע פון די שענסטע לענדער אין דער וועלט, זי האָט אַ סך וואַלד, פיעל וואַסער, גאַנצע מיילען פּאַשע, וואו עס האָדעווען זיך אַלערליי חיות. די היץ איז דאָרטען גאָר נישט אַזוי שטאַרק. מעהר נישט ביים ים איז עס יאָ שטאַרק היים. פון מעקענדי ביז נעראָבי און פון מאַעסקאַרמענט ביז אין לודיאַן איז איין אמת׳ער גן עדן. פאַר אַקערבוי איז דאָס לאַנד אויסגעצייכענט אין אַלע פּרטים. דאָ וואַקסט פון אַלץ אין דער וועלט. דאָ וואַקסען די בעסטע קאַרטאָפעל. און מען האָט בדעה צו אָרגאַניזירען אַ געזעלשאַפט, וואָס זאָל די קאַרטאָפעל אין דרום־אַפריקאַ צושטעלען. נישט לאַנג האָבען די ענגלישע בוימוואָל־פאַבריקאַנטען געשיקט איין עקספּעדיציע צו בעזעהן די לענדער, וואָס גיבען אַרויס אַ סך בוימוואָל; פאַר וואָס האָבען זיי נישט געשיקט קיין עקספּעדיציע קיין מזרח-אַפריקאַ?

דאָ וואָלטען זיי קענען בעקומען דעם פיינסטען בוימוואָל, וויפיעל זיי ווילען נאָר אַליין. בשעת טשעמבערלען איז אין פאַריגען דעצעמבער ביי אונז געוועזען, האָט ער געזאָגט, אַז אין תבואה און אין בוימוואָל קאָן זיך קיין לאַנד פערגלייכען מיט מזרח־אַפריקאַ.

עס איז קיין ספק נישט, אַז אין מזרח-אַפריקאַ געפינען זיך אויך אַ סך מינעראַלען, אויך גאָלד און אַנדערע מעטאַלען, נאָר דאָס איז נישט דער עיקר אין דעם דאָזיגען לאַנד.

דאָס ענגלישע פאָלק זאָל וויסען, ווי עס איז בעשאַפען דאָס לאַנד, וועלכעס מען וויל אַוועקגעבען די יודען. עס זאָל וויסען, אַז דאָרטען געפינען זיך ענגלענדער, וואָס דאָס רוב פון זיי האָבען אַוועקגעוואָרפען זייער גאַנצע האָב און גוטס אין דער היים און זיך דאָ בעזעצט און דאָ זיך געמאַכט אַהיים און מען קאָן זייערע האָפנונגען און אינטערעסען נישט אַוועקמאַכען מיט דער האַנט.

---

נאָך איין ענגליש בלאַט ברענגט אַ „אינטערוויו", וואָס זיין קאָרעספּאָנדענט האָט געהאַט מיט ה׳ גרינבערג וועגען מזרח־אַפריקאַ.

ה׳ גרינבערג דערצייהלט דעם קאָרעספּאָנדענט די דיפּלאָמאַטישע אונטערהאַנדלונג, וואָס ד״ר הערצל האָט געהאַט מיט דער טערקיי און עגיפּטען און מיט וואָס די אונטערהאַנדלונג האָט זיך אויסגעלאָזט און זאָגט:

בשעת טשעמבערלען האָט דאָס ערשטע מאָל גערעדט וועגען מזרח־אַפריקאַ, האָט ד״ר הערצל נאָך אונטערהאַנדעלט מיט עגיפּטען וועגען על־אריש. וועלכע איז איהם בעסער געפעלען. אָבער ווען די אונטערהאַנדלונג האָט אויפגעהערט און טשעמבערלען האָט מיר געזאָגט, אַז מזרח־אַפריקאַ שטעהט נאָך פריי און אַז איך האָב מיך איבערצייגט, אַז נאָך זיין מיינונג נאָך, וועט די ענגלישע רעגירונג דאָרטען געבען יודען איין אויטאָנאָמיע, האָב איך דעם ד״ר הערצל שטאַרק געבעטען, ער זאָל דעם פּראָיעקט ניט אַוועקמאַכען.

אויף דער שאלה אויב דאָס אָננעמען דעם מזרח־אַפריקאַ פּראָיעקט וועט נישט הייסען אָבגעטרעטען פון דעם ציוניסטישען אידעאַל, האָט ה׳ גרינבערג געענטפערט: „דורכאויס נישט, איך בין אַ שטרענגער פּאַלעסטינעץ און ווייל איך גלויב, אַז דער דאָזיגער פּראָיעקט איז אַ שריט נעהנטער צו פּאַלעסטינאַ, האַלט איך דערפאַר, ווייל דערמיט וואָס מיר נעמען אָן דעם פאָרשלאַג פון ענגלאַנד פערליערען מיר דורכאויס נישט די האָפנונג צו בעקומען פּאַלעסטינאַ. איך גלויב, אַז אונזער אַרבייט וועט דורכדעם נישט געשטערט ווערען, אַדרבּא, איך מיין, אַז דאָס וועט אונז געשווינדער ברענגען צו אונזער אידעאַל".

„ווי אַזוי?" — ווייל דער פּרינציפּ, פאַר וואָס מיר האָבען געקעמפּפט, אַז די בעשיידונג פון דער יודישע פראַגע ליגט נאָר אין דער נאַציאָנאַלער אידעע, וועט זיך בעווייזען אין די גרינדונג פון אַ יודישער אויטאָנאָמיע, ווען אפילו נישט אין פּאַלעסטינאַ. די יודען וועלען זיך אויסלערנען ווי צו פיהרען אַ הערשאַפט. און די דאָזיגע פּראַקטיק וועט אונז ברענגען גרויסע נוצען, ווען ׳עס וועט קומען די צייט צוריק נאָך ציון צו געהן. אָדער פּשוט געזאָגט, אַז עס וועט קומען די צייט צו מאַכען ווידער אַ יודישע מדינה אין פּאַלעסטינאַ. נישט דער געאָגראַפישער וועג נאָך ציון איז דער נעהנטסטער, עס איז אויך דאָ אַ פּאָליטישער וועג"...

בנוגע צו דעם לאנד גופא זאגט ה' גרינבערג: „דאס לאנד איז אזוי גוט פאר קאלאניזאציע, אז סיר העררי דזשאנסטאן האלט עס גאר פאר צו גוט פאר די יודען". ווייטער האט ה' גרינבערג גערעדט מיט התפעלות וועגען די פרוכטבארקייט פון לאנד און מיינט, אז טויזענטער רוסישע און רומענישע יודען וועלען רייזען קיין מזרח־אפריקא, זיי וועלען האבען איין אויטאנאמיע. ער פראטעסטירט זעהר געגען די מיינונג, אז מען וועט אין מזרח־אפריקא נעמען אלטע און שוואכע רוסישע און רומענישע יודען. ניין נישט אויף זיי, נאר אויף די יונגע און אויף די שטארקע רעכענען מיר. אונזער האפנונג איז געגרינדעט אויף די וואס האבען נאך האפנונגען...

אברהם.

## דער מסחר צווישען אדעס און אוגאנדא.

עס ווייזט זיך ארויס, אז איינעגע גרויסע אדעסער פירמעס האבען אין די לעצטע יאהרען, שטענדיג געפיהרט געשעפטען, נישט נאר מיט די הויפט־האנדעלס פארטען פון מזרח־אפריקא, נאר אויך מיט דעם הויפט־האנדעלספונקט פון דער פראווינץ אוגאנדא, מיט די האפען־שטאדט מאמבאז, וואס קאן זיין, אז אין א משך פון איינעגע יאהר וועט עס ווערען די הויפט־פארט שטאדט פון דער יודישער הערשאפט. פון אדעסא, ווי די אדעסער צייטונגען שרייבען, שיקען די סוחרים אין די פראווינץ אוגאנדא און די שטאדט מאמבאז גאנצע פארטיעס געהילץ, מעהל, פערשידענע קאלאניאל און באקאליענע סחורות.

„פון אונזערע פארט האט מען דאס לעצטע יאהר דורך טריעסט דורכגעפיהרט קיין מאמבאזא מעהר אלס 500.000 פוד פערשידענע סחורות. די סחורה געהט אויף די שיפען פון דער עסטרייכישע געזעלשאפט „ללאיד" און אנדערע אויסלענדישע שיפען ביז טריעסט, אדער ביז דעם זאנזיבארער אינזעל: און פון דארט געהען די סחורות דורך קיין מאמבאז און אנדערע ענגלישע קאלאניעס פון דער פראווינץ אוגאנדא. ידיעות וועגען די שטענדיגע געשעפטס־פערבינדונג צווישען אדעסא מיט מאמבאז און אוגאנדא האבען מיר בעקומען פון דער אדעסער אגענטוריע ביי דער עסטרייכישער „ללאיד געזעלשאפט". ביז פאריגעס יאהר זענען אלע סחורות, וועלכע זענען געשיקט געווארען פון אדעסא אין די פארטען פון מזרח־אפריקא, געגאנגען איבער לאנדאן. די דירעקציע פון דער עסטרייכישער ללאיד איז געראטען צו בעקומען איין ערלויבניש ביי די הערשאפט פון די אפריקאנישע בעפעלקערונג, צו ארגאניזירען א מזרח־אפריקאנישע ליניע אויף צו געהן דארט מיט שיפען. די הערשאפט פון אפריקא האט ערלויבט די עסטרייכישע „ללאיד" צו צושטעלען עמיגראנטען פון אייראפא קיין אפריקא (דערונטער אויך דער פראווינץ אוגאנדא) נאר מיט דער ידיעה פון דער דארטיגער רעגירונג.

„די עסטרייכישע ללאיד נעמט אויף, לויט דעם דאזיגען אבמאך, אויף זיינע שיפען, וואס געהען אויף דער אפריקאנער ליניע אין דריטען קלאס פאסאזשירען פון אדעסא און די פארטען פון אייראפא און טערקיי, וועלכע עמיגרירען אין די פארטען: מאמבאז, זאנזיבאר, ביירא, לארענצא־מארקעז און דורבאן מיט דעם תנאי, זיי זאלען אויך בעצאהלען וואס עס קאסט דאס צוריקפאהרען פון אפריקא נאך אייראפא. דאס איז איינגעפיהרט פאר דעם פאל ווען די דארטיגע רעגירונג וויל נישט אריינלאזען די עמיגראנטען אין לאנד.

נאר נישט קוקענדיג אויף די אלע שוועריגקייטען ווערד די עמיגראציע פון אייראפא נאך אפריקא אלץ שטארקער און גרעסער מיט יעדען טאג. די שיפען פון דער ללאיד זענען פול מיט עמיגראנטען, וועלכע זוכען גליק און געלד אין אפריקא.

„לויט די ידיעות, וואס די אדעסער צייטונגען האבען צונויפגענומען ביי די דארטיגע אגענטען פון די אויסלענדישע שיפען, איז די שטאדט מאמבאז אין די לעצטע צעהן יאהר שטארק פארגרעסערט געווארען.

„אין מאמבאז זענען שוין אויסגעבויט א סך גאסען מיט שיינע מויערן, אין וועלכע עס געפינען זיך פאטשטען, האנדעלס און באנקהייזער. דאס רוב הייזער געהערען צו ענגלענדער. די לעצטע יאהר האט איין ענגלישע געזעלשאפט צוגעפיהרט צו מאמבאז א ליניע פון אייזענבאהן.

„די אדעסער אגענטען האבען אונז איבערגעגעבען ידיעות, אז פון מאמבאז און זאנזיבאר קומען אן דאס רוב קאלאניאל־סחורה, עלפענביין און מינעראלען.

רוסישע אפיצירען, וועלכע זענען דורך א צופאל אנגעקומען קיין אוגאנדא, דערצייהלען, אז די געגענד דארט איז זעהר א גוטע. עס וואקסען דארטען אלערליי געוועקסע פון די ווארימע געגענדען, זי האט א סך וועלדער און בוימער, אויף וועלכע עס וואקסען פערשידענע פרוכטען, די טייכען האבען זעהר פיעל טייערע פישען. אוגאנדא — דערצייהלען די אפיצירען — איז דער רייכסטער געגענד און די פרוכטבארסטע ערד פון מזרח־אפריקא. אויף דעם גאנצען שטח פון אוגאנדא קאן מען בעזעצען אזא רעגירונג ווי דייטשלאנד.

## פאליטישע ענינים.

(טשעמבערלענס פראיעקט. דייטשלאנד פרייט זיך אומזיסט. קיהן-העדערוואררי זאגט זיך צום צווייטען מאל אב פון זיין שטעלע. ענגלאנד און פראנקרייך מאכען פשרות טערקיי מיט בולגאריע פארגלייכען זיך.)

אין ענגלאנד איז אויסגעבראכען א מיניסטער־קריזיס. דער קאלאניען - מיניסטער טשעמבערלען, דער פינאנץ־מיניסטער ריטשיע און דער מיניסטער פאר אינדיע העמילטאן האבען געדאנקט. נאך די גרויסע נצחונות, וואס טשעמבערלען האט מיט זיין גרויסע וועלט־פאליטיק געוואונען, נאך די צוויי נייע לענדער אין אפריקא, וואס ענגלאנד האט איצט איינגענומען, סודאן מיט טראנסוואל, האט טשעמבערלען געוואלט פעסטער פאראייניגען ענגלאנד מיט די קאלאניען. ביז היינט איז געווען אין ענגלאנד פרייהאנדעל, דאס הייסט, אלע סחורות, וואס מען האט אריינגעפיהרט אין ענגלאנד, זענען פטור געווען פון צאל, ווייל ענגלאנד מיט זיין גרויסע אינדוסטריע האט נישט קיין מורא פאר פרעמדע קאנקורענץ און ווידער האט ענגלאנד געברויכט פרעמדע תבואות מיט אנדערע לעבענסמיטעל, וואס זענען אין ענגלאנד נישט גענוג פארהאן. איצט אז ענגלאנד האט שוין לעבענמיטעל פון איהרע איינענע קאלאניען, קאן זי שוין פארשליסען די גרענעץ פאר פרעמדע לעבענסמיטעל און אפילו ווען אנדערע רע־

גירונגען וועלען זיך נוקם זיין און פארשליסען די גרענעץ פאר ענגלישע סחורות, שאדט אויך נישט, ווייל ענגלאנד קאן שוין אויסברענגען איהרע פראדוקטען אין איהרע אייגענע קאלאניען. דערפאר וועט ענגלאנד מיט די קאלאניען פאראייניגט זיין, דאס צאלגעזעץ וועט זיי פארבינדען און זיי מאכען פאר איין גרויס וועלט-רייך. דאס וויל אבער נישט דאס ענגלישע פארלאמענט. עס וויל נישט די אלטע פרייהייטען מבטל זיין, מיט וואס ענגלאנד איז אזוי שטאלץ, דורך דעם האט טשעמבערלען אבגעדאנקט.

דאס האט דערפרייט פיעל דייטשע פאליטיקער. ווי עס איז בעוואוסט, איז די גוטפריינדשאפט צווישען דייטשלאנד און ענגלאנד קיהלער געווארען זייט טשעמבערלען האט בעקומען אזא גרויסע דעה אין ענגלאנד. טשעמבערלען האט זיך אין זיינע רעדען אין פארלאמענט א סך מאל אויסגעדריקט פיינדליכע ווערטער געגען דייטשלאנד. אז מיר זאלען אבער בעטראכטען פאר וואס דער ענגלישער קאלאניען־מיניסטער האט זיך אבגעזאגט, וועלען מיר זעהען, אז די שמחה פון די דייטשען איז איין אומזיסטע. טשעמבערלען האט זיך נאך נישט מיאש געווען פון זיין פראיעקט, צו פארבייטען דעם פרייען האנדעל, ווארום באמת איז באלפור, דער ענגלישער מיניסטער-פרעזידענט אויך דערצו מסכים. טשעמבערלען מיט באלפור זענען נאר מחולק, ווי מען זאל דעם פראיעקט אויספיהרען, טשעמבערלען וויל, מען זאל עס באלד, מיט איינמאל אויספיהרען און באלפור זאגט, אז מען זאל עס פאמעליך, מיט דער צייט אויספיהרען. און דאס אבזאגען זיך האט טשעמבערלען געמאכט מיט דער כונה צו קאנען פון דערווייטענס בעסער און ענערגישער ארבייטען פאר זיין פראיעקט און עס וועט לאנג נישט דויערען, און טשעמבערלען וועט ווידער זיין שטעלע בעקומען, נאר שוין מיט דעם נצחון, וואס זיין פראיעקט וועט אויסגעפיהרט ווערען.

און אין אונגארן האט גראף קוהן-העדערוואַרי צוריק בעקומען פון קייזער פראנץ יאזעף איין ערלויבניש צו גרינדען א ניי מיניסטעריום און עס האט נישט געדויערט קיין צעהן טאג האט ער זיך ווידער אבגעזאגט פון זיין שטעלע. דאס פעסטע ווארט, וואס דער עסטרייכישער קייזער האט געגעבען, אז מען זאל אין די ענינים פון מיליטער קיין שום ענדערונג נישט מאכען, האט ארויסגערופען א שטארקע אומצופרידענהייט ביי די געגנערס, און דער הויפט־געגנער פראנץ קאשוט, וואס דער גראף קוהן-העדערוואַרי האט איהם תחלת געוואונען פאר זיך, איז ווידער צוגעשטאנען צו די געגנערס. און אויך א סך פון די רעגירונגס-פארטיי, די ליבעראלען, זענען צוגעשטאנען צו די געגנער, ווייל דער גראף קוהן האט געפרובט צו פארענפערען אין פארלאמענט דעם עסטרייכישען מיניסטער־פרעזידענט דאקטאר קערבער, וואס ער האט גערעדט געגען אונגארן. דער גראף קוהן האט געזעהן, אז ער האט אנגעוואהרען דאס רוב אבגעארדענטע און ער קאן נישט רעגיערען. איצט איז דער ווירוואר אין אונגארן נאך גרעסער און עס דאכט זיך, אז עס וועט אין דעם צושטאנד נישט מעגליך זיין א ניי מיניסטעריום אין אונגארן צו מאכען.

דייטשלאנד, וואס האט איין אומזיסטע שמחה געהאט, וואס טשעמבערלען האט זיך אבגעזאגט פון זיין מיניסטער־שטעלע האט איין אמת'ען שרעק פון די פשרה, וואס ענגלאנד מיט פראנקרייך, ביידע דייטשלאנד'ס שונאים, האלטען ביין מאכען צווישען זיך. יאהרען לאנג, אז ענגלאנד מיט פראנקרייך האבען סכסוכים צווישען זיך וועגען די אפריקאנישע לענדער, מיט וועלכע זיי ביידע גרענעצען זיך. ביידע ווארפען זייערע בליקען אויף מצרים און מאראקא, און יעדע פון זיי זוכט, אז דווקא זי זאל האבען דארטען די אויבערהאנט. היינט אבער, ווי מען הערט, זאל ענגלאנד מוחל זיין איהר זכות אויף מאראקא און דערפאר וועט איהר פראנקרייך לאזען טון אין מצרים און אי' קאנגא וואס זי וויל, מאראקא וועט אויף דעם אופן שטעהן אונטער דעם שוץ פון פראנקרייך. און דאס פארדריסט דייטשלאנד זעהר שטארק. נאר נישט דייטשלאנד אליין פארדריסט עס, עס פארדריסט אויך איטאליע און שפאניע און זיי וועלען עס נישט אזוי גיך וועלען דערלאזען. מילא איטאליע וועט פראנקרייך מפייס זיין מיט דער מדינה טריפאלים אין אפריקא; מיט וואס וועט זי אבער קאנען שפאניע מפייס זיין, און ווי שוואך שפאניע איז, קאן זי דאך פיעל צי ווייניג שאדען טון פראנקרייך.

אין מאקעדאניע הערען נישט אויף די אונרוהען און די טערקיי מאכט זיך כלומר'שט, אז זי פיהרט דארטען איין רעפארמען און בעשולדיגט בולגאריע, אז זי העצט אונטער די מאקעדאניער. נאך אלע פארבערייטונגען, וואס בולגאריע מאכט, האט אויסגעוויזען אז זי איז געצוואונגען דורכאויס האלטען מלחמה. אבער די טערקיי ווי עס שיינט וויל אבער דורכאויס נישט קיין מלחמה. פאר בולגאריע אליין האט טערקיי נישט וואס מורא צו האבען, זי איז זיכער, אז זי וועט די מלחמה מיט בולגאריע געווינען, די איבריגע מלוכות, איז זי זיכער. וועלען זיך נישט אריינמישען, אזוי ווי זיי האבען זיך נישט אריינגעמישט אין דער מלחמה, וואס איז געוועזען צווישען גריכענלאנד און טערקיי וועגען דער אינזעל קרעטא און די טערקיי האט דענסטמאל טאקי מנצח געווען די גריכען. אבער טאקי דער סארט נצחון האלט טערקיי אב פון מלחמה. ביי יענעם נצחון האט זי פארלארען די אינזעל קרעטא און ביי היינטיגען נצחון קאן זי פארליהרען מאקעדאניע, און פארליהרען מאקעדאניע איז פאר דער טערקיי א סך ערגער ווי פארליהרען די אינזעל קרעטא. ווארום קרעטא איז איין אבגעטיילטע אינזעל, וועלכע האט מיט די דערבייאיגע לענדער קיין שייכות ניט, אבער מאקעדאניע גרענעצט זיך מיט עטליכע קליינע לענדער אויף דעם באלקאן און נאך מאקעדאניע קאן זיך ווידער אנהויבען מרידות און בונטען אהן א סוף און דער סולטאן ווייסט דעריבער זיך קיין עצה נישט צו געבען. רוסלאנד מיט עסטרייך, וואס ווילען נישט צולאזען קיין שום ענדערונג אין טערקיי, האבען נאך אמאל געשיקט א ווארנונג דעם סולטאן און דער בולגארישע רעגירונג, זיך נישט אריין צו לאזען אין א מלחמה, ווארען עס וועט קיינעם דערפון גאר נישט ארויסקומען. ערשט איצט בעמיהען זיך די טערקישע און די בולגארישע רעגירונגען זיך מיט גוטען צו פארגלייכען.

---

## נייעס פון דער וואך.

### I. וועלט נייעס.

— די געוועזענע סערבישע קעניגין נאטאליע האט זיך געווענדט מיט א בקשה צום קעניג פעטער, ער זאל איהר ערלויבען ארויסצוגע־

מען די ביינער פון איהר איינציגען זוהן, דעם געהרגעטען קעניג אלכסנדר, פון זיין קבר אונ איהם באגראבען אין אונגארן, אין דעם קבר פון זיין פאטער, דעם געוועזענעם קעניג מילאן.

— דאס רוסישע בלאט „פרידניעפ. קראי" שרייבט! אז מען האט די, וואס האבען גענומען איין אנטייל אין די סטאטשקעס אין יעקאטערינאסלאוו, וועלכע זענען געוועזען אין חודש אויגוסט, פארמשפט פון איין חודש ביז דריי חדשים אסטראג. די צאהל פון די פארמשפט'ע איז 141.

— די חאנען פון בעלודזיסטען (א פאלק אין אזיע נישט ווייט פון פערסיע) זענען אנטלאפען פון בעלודזיסטאן איבער דעם וואס די ענגלענדער אונטערדריקען זיי זעהר, אונ זענען אנגעקומען אין אסחאבאד (רוסלאנד). זיי ווילען, אז רוסלאנד זאל זיי צונעמען פאר סאלדאטען.

— דעם 23 אויגוסט איז געוועזען דער משפט פון די, וואס האבען איין אנטייל גענומען אין די אונרוהען, וועלכע זענען געוועזען דעם 2 מערץ אין ראסטאוו ביים דאן. דריי האט מען אבגעמשפט צו הענגען, נאר מען וועט בעטען פאר זיי, מען זאל זיי פארגרינגערן זייער שטראף. צעהן זענען פארמשפט געווארען אויף קאטארגע אינ איינער אויף 5 יאהר ארעסטאנסקע ראטע.

— דער בעוואוסטער יודישער באקטעריאלאג ד"ר מארמארעק האט געפונען א נייעם איינשפריצונג אויסצוהיילען שווינדזוכט־קראנקע.

— אין „פינל. נאזי" איז געדרוקט א בעפעהל, אז מען זאל אבלעגען דאס עפענען דעם פינלענדער „סיים", איין ארט פארלאמענט, אין יאהר 1904, ביז דארטען וועט אין גאנצען שטיל ווערען די אונרוהען.

— מיטוואך דעם 30־טען סעפטעמבער איז דער רוסישער קייזער אנגעקומען אין וויען. דער קייזער פראנץ יאזעף האט איהם בעגריסט זעהר פריינדליך. די טאאסטען, וואס די ביידע מאנארכען האבען געהאלטען אין שענברונער פאלאץ, האבען א גרויסען פאליטישען ווערט, דען פון זיי זעהט מען ארויס, אז דער שלום אין אייראפא וועט געזיכערט זיין אונ די אונרוהען אויף דעם באלקאן וועלען צו קיין קריעג נישט ברענגען.

## II. יודישע נייעס.

**רוסלאנד.** אין אדעסער אוניווערזיטעט האבען 198 יודען אריינגעשיקט בקשות. מען זאל זיי דארט אננעמען. צווישען זיי געפינען זיך א סך, וואס האבען געענדיגט דאס גימנאזיום מיט א גאלדענעם מעדאיל. אנגענומען זענען געווארען 40 אונ 8 פרייע צוהערער.

— אין דער אדעסער אוניווערזיטעט וועט געעפענט ווערען פון נייעס לעהר־יאהר איין אבטיילונג צו לערנען פראוויזאר אונ יודען וועט מען היינטיגעס מאל צונעמען 20 פראצענט.

— דער רוסישער קייזער האט ארויסגעגעבען א בעפעהל, אז ביין דערלאנגען איהם זאלץ אונ ברויט בשעת מען בעגעגענט איהם זאל מען נישט עס דערלאנגען אויף טייערע טעלער פון גאלד אדער זילבער.

— פון 1־טען אקטאבער האט מען ערלויבט אין פעטערסבורג אריינוואַרפען טעלעגראמעס אין דער מדינה גופא אין די פאסט־קעסטלעך אונ וויפיעל די טעלעגראמע דארף קאסטען זאל מען אנקלעבען פאסט מארקעס.

— אין קיעלץ (פוילען) איז פערהאנדעלט געווארען אין אקרוזשנאי סוד א משפט וועגען די ערמארדונג פון דעם רב ר' ישעיהו פיש, אין וועלכע עס זענען בעשולדיגט געוועזען איין יוד ישעיהו זינגער אונ צוויי קריסטען, פון וועלכע איינער איז אנטלאפען פון סיביר. דאס געריכט האט ארויסגעפונען, אז דער יוד זינגער האט אין דער רציחה קיין אנטייל נישט גענומען אונ האט איהם בעפרייט אונ די ביידע קריסטען האט מען צוגעפסק'עט צוועלף יאהר קאטארגע.

— דער טאווריטשעסקער גובערנאטאר וו. פ. טרעפאוו, דורכפאהרענדיג דאס דארף קאמענקע (מעליטאפאלער אויעזד טאוור. גוב.) האט בעזוכט די דארטיגע שוהל בעת דער עולם האט געדאווענט. נאך דעם דאווענען האט ער זיך געווענדעט צום עולם מיט די ווערטער: „איך בין צופרידען, וואס איך האב אייך בעזוכט בעת איהר האט גאט געדיענט אונ וויל אייך זאגען, אז איך בין געקומען אין טאווריטשעסקע גובערניע ניט אלס שונא פון יודען. פון אנהויב אן האב איך אין מיינע צירקולארען, ניט בערעכענדיג די געזעצטע, פארגרינגערט אייער דערוואייל־זיין אין די ערטער, וואו יודען טארען ניט וואהנען, נאר צו מיין בעדויערען, מוז איך אייך זאגען, אז די אויפפיהרונג פון אייערע גלויבענס ברידער איז זיך ניט אזוי ווי איך האב געמיינט. אומעטום אין די אונארדענונג האבען יודען ניט נאר אנטייל גענומען, נאר די הויפטפיהרער געוועזען. איך פארשטעה גאנץ גוט, אז אייך איז שווער איבערצוטראגען די בעשרענקונגען פון די געזעצע, נאר מיט אזוינע מיטעל קאנט איהר נאך פארערגערען אייער לאגע. איך רעכען, אז איהר דארפט ניט אניווערען די האפנונגען צו בעקומען אלע רעכטע; אבער דאס קאנט איהר נאר אויספיהרען מיט אייער גוטע אויפפיהרונג, כדי די רעגירונג זאל אייך קאנען גלויבען.

— שבת דעם 8־טען אויגוסט, ווען די יודען פון קרעמענטשוג זענען געגאנגען פון שול, זענען איינינע קריסטליכע שכורים זיי בעפאלען אונ איינער האט ארויסגענומען א מעסער אונ געזאגט: „אה ווי ווילט זיך מיר איצט קוילען א פאר יודען!" דער יודען האט באלד פון איהם ארויסגעכאפט דאס מעסער אונ איהם אריינגעשטאכען אין בייך. באלד איז ארוים א קלאנג אין שטאדט, אז די יודען האבען געשאכטען א קריסט אויפ'ן מיט'ן גאס אונ ווען נישט די ענערגישע ארבייט פון דער פאליציי, וואלט דארט געקאנט אויסברעכען אונרוהען, איינינע יודען האט מען ארעסטירט, דעם געשטאכענעם קריסט האט מען אוועקגעפיהרט אין שפיטאל אונ לויט ווי דאקטוירים זאגען זייט ער געזונט ווערען.

— אין דער לעצטער אספה ביי די פארשער פון די הייל־בעדער האט מען בעשלאסען צו בעטען די רעגירונג, זי זאל ערלויבען יודען זיך צו קורירען אין אלע רוסישע באד ערטער.

די קריסטליכע איינוואהנער פון נאווא־ספאסאווסקא האבען געמאכט א „פריגאוואר" אונ עס צוגעשיקט צו די העכערע בעאמטע אין אויעזד צו בעשטעטיגען. אין דעם דאזיגען פריגאוואר שרייבען די פארשטעהער פון נאווא־ספאסאווסקא, אז ווייל די יודען האבען ארויסגעלאזט אויף די דארטיגע קריסטען א פאלשען קלאנג, אז זיי ווילען מאכען א פאגראם, זאל מען זיי ערלויבען צו מאכען א בעשלוס: מען זאל יודען נישט פערדינגען קיין וואהנונגען, מען זאל ביי זיי נישט געהן דיענען, מען זאל פון יודען קיין שום זאך נישט קויפען. די העכערע בעאמטע אבער האבען דעם בעשלוס נישט בעשטעטיגט אונ האבען דערקלערט, אז מען דארף נישט מאכען קיין שנאה צווישען איין פאלק אונ די אנדערע. די יודען האבען דעם קלאנג נישט ארויסגעלאזט מיט א כיון, נאר זייט די אונרוהען שרעקען זיך די יודען זעהר אונ דערפון איז ארוים דער פאלשער קלאנג.

— דאס רוסישע בלאט „באקינ. איזוו." שרייבט מען פון קיעוו, אז די יודישע פרוי פרומקין, וועלכע מען האט געמשפט דערפאר, וואס זי האט געוואלט שטעכען מיט א דעסערטנע מעסערל דעם דארטיגען זשאנדארמסקען פאלקאווניק נאוויצקי בשעת ער האט איהר אויסגעפרעגט, האט דאס געריכט זי בעפרייט. דער זשאנדארעמסקי פאלקאווניק, שרייבט איין אנדער רוסישע צייטונג, האט פערלאזט זיין שטעלע.

- שבת דעם 29 אויגוסט, בשעת דער רוסישער קייזער מיט די קייזערין זענען געוועזען אין ליבוי, האבען די פארשטעהער פון דער ליבוישער יודישע געמיינדע איבערגעגעבען דעם קייזער א קליינע ספר תורה מיט זילבערנע עץ חיים'ס אונ א יד. אונטען אין די עץ חיים'ס איז געוועזען אויסגעקריצט אויף איינעם אין העברייאישער אונ אויף

דער צווייטער אין רוסישער שפראך „באור פני מלך חיים“. דער קייזער האט די ספר תורה צוגענומען מיט ביידע הענט און האט די פארשטעהער פון דער יודישער געמיינדע פריינדליך געדאנקט.

**רומעניע.** א סך יודישע בעלי מלאכות אין יאסי האבען געהאט בדעה קיין מזרח אפריקא אויסצוואנדערן, די דאזיגע גרופע האט זיך פארזאמעלט אין דער יאסער שוהל און האבען בעשלאסען צו זאמלען געלד און צו מאכען א פאנד צו דעם צוועק. אויך איז בעשלאסען געווארען זיך צו ווענדען צו ד״ר הערצל און איהם צו בעטען, ער זאל ביי די ענגלישע בעאמטע עפים פועל׳ן לטובה די עמיגראנטען.

דערויף מאכט אויפמערקזאם די „וועלט“, וואו די דאזיגע ידיעה איז געדרוקט, אז מען זאל זיך נאך נישט איילען צו עמיגרירען אין מזרח אפריקא. די ציוניסטען, זאגט דאס בלאט ווייטער, מוזען טון וואס ס׳איז נאר מעגליך נאך נישט צו לאזען די יודישע מאסע וואנדערן, דען דערווייל האט נאך דער קאנגרעס נישט בעשלאסען זיך צו בעזעצען אין מזרח אפריקא. ד״ר הערצל האט אויף דעם 6־טען קאנגרעס געזאגט בפירוש, אז מען קאן נאך קיין אויסוואנדערונג נאך מזרח־אפריקא נישט אונטערנעמען, און עס איז א גרויסע עולה, ווען ציוניסטישע חברות בעמיהען זיך צו פארשפרייטען צווישען פאלק די לוסט נאך מזרח־אפריקא צו רייזען, דען דאס איז נעגען דעם בעשלוס פון קאנגרעס. די „וועלט“ בעט מען זאל די דאזיגע ידיעה אבדרוקען אין אלע בלעטער.

— בשעת דער דירעקטאר פון דער רומענישער פאליציי איז געוועזען אין בערלין האבען איהם איינינע באנקירען פארגעווארפען, פאר וואס מען בעהאנדעלט די יודען אזוי שלעכט אין רומעניע, און אז מחמת דעם זענען די רומענישע פאפירען געפאלען.

**טראנסוואל.** די טראנסוואלער יודען שיקען אויף זייער אייגענעם חשבון א גרויסע עקספעדיציע קיין אוגאנדא אויסצוזעהן און אויסצופארשטען דאס לאנד, וואס ענגלאנד וויל אוועקגעבען יודען.

---

## ידיעות פון האמעל.

דעם דריטען סעפטיאבער איז דער גובערנאטאר פון מאהילעוו געקומען אין האמעל און האט געלאזט צוזאמען רופען איינינע יודישע נכבדים אין האט זיי געזאגט די דאזיגע ווערטער:

„איך בין געקומען צופאהרען עקסטרא צוליב אייך. מיר טוט זעהר באנג די אומגליקליכע אומשולדיגע קרבנות, וואס זענען געפאלען, דען געליטען האבען גראדע די אומשולדיגע און ארימע. פון וואנען האט זיך דאס גענומען אזא שנאה פון איין גרופע געגען דער אנדערער, וועלכע האבען איין אנדער גלויבען? אין רוסלאנד דולדעט מען אלע גלויבענס, דאס ווייסען די יודען אליין בעסער פאר אלעמען. די סבות פון די לעצטע אומגליקען דארף מען זוכען ערגעץ טיעפער. איך קען מאהילעווער גובערניע שוין מיט 25 יאהר צוריק. דענסטמאל זענען די יודען געוועזען רוהיגע מענשען, זיי האבען אין קיין פאליטישע בעוועגונג נישט גענומען קיין אנטייל, און מען האט דענסטמאל אפילו נישט געטראכט וועגען פאגראמען. די פאגראמען, וואס זענען געוועזען אין די 80־גער יאהרען האבען געהאט א גאנץ אנדערען כאראקטער; די סבה פון זיי איז געוועזען דער שווערער דרוק, וואס די יודען האבען געדריקט די קריסטען. נאר איצט איז די סבה גאר איין אנדערע. איצט זענען די יודען געווארען די הויפטאנפיהרער פון אלע בעוועגונגען געגען דער רעגירונג. דער גאנצער בונד און סאציאל־דעמאקראטען בעשטעהט פון יודען. אמת, עס געפינען זיך צווישען זיי אויך מענשען פון אנדערע גלויבענס, אבער זיי האט מען נאר אונטערגעהעצט און ווער זענען די אונטערהעצערס — יודען. אין גימנאזיום מאכען די יודען די יוגענד אויסגעלאסען, „סחאדקעס“ אין די אוניווערזיטעטען ווער מאכען? יודען. בכלל זענען די יודען היינט געווארען גרויסע עזות־פנים׳ער און אכטען נישט מעהר די הערשאפט. זעהט מיינע הערען, די קלענערע פאליציי האבען היינט מעהר גאר קיין ווערט נישט, זיי פאלגט מען שוין גאר נישט. אומעטום ווייזען די יודען ארוים זייערע נישט אכטונג און שנאה צו די קריסטען. אט האט איהר איינינע פאקטען: די טעג איז א וועליסאפעדיסט אויף דער גאס צוגעשפרונגען צו מיין פרוי; ווער איז דאס געוועזען? — א יוד. אויף דער גאס בעגעגענען איך א גימנאזיסט מיט א פאפיראס אין מויל און בעגריסט מיך נישט אפילו; ווער איז דאס? — ווייטער א יוד. א גימנאזיסטקע, האט אויסטועענדיג זיך, אנגעריהרט מיט׳ן ארבעל מיין פרוי און אז די פרוי מיינע האט איהר געפרעגט, פאר וואס זי ענטשולדיגט זיך נישט, ענטפערט זי: „איך האב נישט בעמערקט“. ווייטער דאס אייגענע — א יודיש מיידל. אט, מיינע הערען איז די סבה. איהר זענט אליין שולדיג אין אלץ וואס עס טרעפט זיך. די רעגירונג איז אונפארטייאיש און איך בין אויך אונפארטייאיש. אין זייענדיג אונפארטייאיש, מוז איך אייך זאגען: איהר זייט אליין שולדיג. איהר ערציעהט נישט אייערע קינדער ווי מען דארף, איהר לערנט זיי נישט האבען דרך ארץ פאר א העכערן פון זיך. אמת איהר קענט אויף אייערע קינדער נישט ווירקען, אבער איהר קענט דאך אויף זיי אנווייזען ביי דער רעגירונג. איהר טוט דאס אבער נישט, אדרבא איהר פארבעהאלט נאך זייערע בעהאנדלונגען. אט האט איהר די פרוכט פון אייער שיינע הנהגה. איהר פארשפרייט צווישען די נישט געבילדעטע שנאה געגען דער רעגירונג, איהר העצט זיי אן, זיי זאלען מיט דער רעגירונג מלחמה האלטען, נאר דאס רוסישע פאלק וויל דאס נישט און האלט מלחמה מיט אייך. אט צו וואס איהר האט געבראכט. דערמאנט אייך נאר, ווען איז דאס גאר דערהערט געווארען, אז יודען זאלען זיך בעוואפענען, זאלען שיסען אויף מיליטער, וועלכע האט אייך גופא בעשיצט. אויף אזא אופן דארף מיר נישט אייך בעשיצען, נאר זיך פון אייך בעשיצען. עס טוט מיר באנג, פון הארצען באנג די אומשולדיגע קרבנות. נאר, מיינע הערען, איהר זייט אליין שולדיג, און איהר טראגט אויף זיך דאס אחריות געגען אייערע ברידער פון איין אמונה, פאר אלץ וואס עס קומט פאר.

---

## דער לייב און דער העלפאנט.

א מעשה׳לע.

פון דוד פינסקי.

אין דעם זאלאגישען גארטען אויף א ווייטען פלאץ, איין ארומגעצוימטען מיט אייזערנע שטאנגען, איז ארומגעגאנגען, שווער ריהרענדיג זיין אונגעהייערן קערפער, דער גרויסער אינדישער העלפאנט. פאר די שטאנגען ארום און ארום איז געשטאנען א גרויסער עולם. אלט און יונג, מענער, פרויען און קינדער. אלע האבען זיך געשטופט נעהנטער צו די שטאנגען, חאטש דער גרויסער אינדישער העלפאנט איז געוועזען צו זעהן אפילו פאר יענע, וועלכע האבען קיין געלד

נישט געהאַט צו באַהאַלטען פאַר'ן אַריינגאַנג און זענען געשטאַנען הינטער דער וואַנט פון דעם גאָרטען. די מענשען האָבען זיך געשטופּט צו זעהן, ווי דער געפאַנגענער ריז „מאַכט קונצען".

„בעט!" האָבען זיי איהם געשריגען. „טו דיך אַ בוק!"

און דער גרויסער העלפאַנט האָט אומגעוואָרפען מיט זיין לאַנגע־נאָז, געשאָקעלט דעם שווערען קאָפּ, געדרעהט מיט די אויגען, גע־קלאַפּט מיט די אויערן און געמאַכט זיינע קאָמפּלימענטען מיט זיין ריזען־פוס. די מענשען האָבען געלאַכט, געפרייט זיך און דערלאַנגט איהם שטיקלעך צוקער און שטיקלעך ברויט, מיט מורא אויסשטרע־קענדיג די האַנט און מיט מורא צוכאַפּענדיג זי צוריק. און דער העל־פאַנט האָט אַריינגעוואָרפען די אויסגעבעטענע שטיקלעך אין זיין ווייטען האַלז אַריין און געבעטען נאָך, בוקענדיג און ברעכענדיג זיך.

נישט ווייט פון דעם גרויסען פּלאַץ, אויף וועלכען דער העל־פאַנט האָט לוסטיג געמאַכט די מענשען, איז אַרומגעלאָפען דער לייב אין זיין אייזערנעם שטייגעל — גרויס און שרעקליך און ערהאַבען שיין אין זיין שרעקליכקייט. נעבען זיין שטייגל זענען געשטאַנען וועניג מענשען און דאָס זענען אויך געוועזען אַזעלכע, וועלכע האָבען שוין קיין כח נישט געהאַט צו לאַכען פון דעם העלפאַנט. נאָר וואָס מאַכט זיך אויס אַ לייב פון מענשען, דערהויפּט נאָך ווען ער איז שטאַרק צעטראָגען און פאַרטיעפט אין געדאַנקען.

און דער לייב איז שטאַרק צעטראָגען געוועזען. ער האָט דער־קענט אין דעם בוקענדיגען און קרימענדיגען זיך העלפאַנט זיין בעס־טען גוטען פריינד.

זיי זענען אויסגעוואַקסען אין איין וואַלד און געוועזען צוועלשט גרויסע שונאים. אָבער אַז זיי האָבען איינער דעם אַנדערן נישט גע־קענט בייקומען, ווייל זיי זענען ביידע געוועזען גלייך שטאַרק און קלוג, האָבען זיי געמאַכט שלום און זענען געוואָרען ווי אַנדערע צוויי. מען האָט זיי שטענדיג נאָר צוזאַמען געזעהן, איינער אָהן דעם אַנדערן האָט קיין שריט נישט געמאַכט, אפילו פון דאַנען אַ הער. און דער וואַלד האָט געזאָגט, אַז די ביידע מיט זייער כח און מיט זייער שכל וועלען בעהערשען די וועלט. אָבער די חיה טראַכט און דער מענש לאַכט. ויהי היום — און זיי זענען ביידע געוואָרען דעם מענשענס געפאַנגענע. דער מענש האָט זיי צעשיידט און פאַרפיהרט אין בעזונדערע לענדער. אין אַ סך מענאַזשעריען איז שוין דער לייב איבערגעוועזען פאַר דער צייט, אַרומגעפאָהרען צוזאַמען מיט העלפאַנ־טען, אָבער זיין פריינד האָט ער נישט געטראָפען. און יעצט, אַז ער האָט איהם דערזעהן, איז איהם דער פריידענס־אויסגעשריי געבליבען שטעהן אין האַלז.

„איז עס מעגליך, אַז דאָס איז מיין פריינד?" האָט ער געטראַכט. „אַט אַ דער קונצענמאַכער, דער בעטלער, דער פּאַיאַץ?".

ער האָט זיך אויפגעהויבען אויף ביידע פאָרענסטע פיס, אָנגע־שפּאַרט זיך אָן די שטאַנגען און אויסגעבריללט זיין פריינד'ס נאָמען. און געוואָלט האָט ער, אַז ער זאָל אַ טעות האָבען, אַז דאָס זאָל זיין איין אַנדער העלפאַנט, נישט זיין פריינד.

אָבער דער העלפאַנט, וועלכער האָט געהאַט בדעה אַריינצו־וואַרפען אַ שטיק ברויט אין מויל, האָט עס נישט דערטראָגען צום מויל, אַ קוק געטאָן אַהין, פון וואַנען זיין נאָמען האָט זיך געלאָזט הערען, און אָבגעבריללט מיט שמחה: „דו?!" — ער האָט אויך דער־קענט זיין אַלטען פריינד.

„ביזט דו עס טאַקי מיין פריינד, מיין העלפאַנט?" האָט דער לייב געזאָגט מיט אַ טרויעריגען קול. „וועה מיר, וואָס איך זעה דיך אַזוי!"

„יאָ," האָט אָבגעזיפצט דער העלפאַנט און אַראָבגעלאָזען דעם קאָפּ, „וועה אונז, וואָס מיר זעהען אונז אַזוי..."

„אַז דו זאָלסט אַזוי טיעף פאַלען!"

דער העלפאַנט האָט אויסגעשטעלט אויגען און אויערן.

„וואָס מיינסטו דערמיט?" האָט ער געפרעגט.

„וואָס זאָל איך דערמיט מיינען? דו דער גרויסער העלפאַנט, מיין חבר — אַ קונצענמאַכער, אַ פּאַיאַץ, אַ בעטלער, אַ טעלערלעקער"...

„אַך, אַזוי מיינסטו עס?" — דער העלפאַנט האָט זיך אַ ביסל בעליידיגט און איז גלייך געוואָרען שטעכענדיג. „נאַ, מיר האָט מען עפּיס דערצעהלט וועגען דיר, אַז דו ביזט געוועזען אין אַ צירק, גע־שפּרונגען דורך רייפען, געטאַנצט אויף פערד, געבראָכען זיך... מיט איין וואָרט — אַ פּאַיאַץ, אַ קונצענמאַכער... ער האָט געצויגען די ווערטער מיט אַ פיינער, פיינער איראָניע.

„דו ליגסט!" האָט דער לייב אויסגעבריללט. „איך בין קיינמאָל נישט געוועזען דאָס, וואָס דו זאָגסט. איך בין געשפּרונגען דורך רייפען, געטאַנצט אויף פערד, אָבער מיט בייטשען האָט מען מיך געטריבען און מיט רעוואָלווערן. איך האָב נישט געוואָלט געשמיסען ווערען און — איך בין מיך מודה, און דאָס איז אפשר מיין איינציגע זינד — איך בין געהאָנגען אָן לעבען און האָב מורא געהאַט פאַר די רע־וואָלווערן. דערפאַר בין איך אומגעשפּרונגען. איך האָב מיך אָבער נישט ערנידריגט, נישט געבעטעלט קיין ברויט און צוקער, און נישט לוסטיג געמאַכט דעם עולם מיט'ן גוטען ווילען. איך האָב מיך אויפגעפיהרט ווי אַ לייב און צולעצט האָב איך אָבגעטרייסעלט פון מיר די מורא פאַרן רעוואָלווער, דאַן האָט מען מיך פאַרזעצט אַהער אין דאָס שטייגל. די אייזערנע שטאַנגען זענען צו שטאַרק פאַר מיר, אָבער די יעניגע, וועלכע האַלטען מיך געפאַנגען, ציטערען פאַר מיר. דו ליגסט. הערסט דו! אַ געפאַנגענער קעניג בין איך, אָבער דאָך אַ קעניג!".

„נאַ", האָט דער העלפאַנט אָבגעשמייכעלט מיט זיין פיינער איראָניע, איך בין אין איין אַנדער מיינונג. איך זאָג מיר, ביזט גע־פאַנגען, זיצט הינטער אייזערנע שטאַנגען, וואַרטסט אויף גענאַדען־ברויט, טיך מאַך זשע נישט, ברודערקע, קיין קוראַזש. מיינסט דען, אַז איך וואָלט נישט געקאַנט שרעקען די מענשען? איך דאַרף נאָר העפטיגער אַ הייב טון מיין נאָז, מאַכען אַ שנעלערע בעוועגונג: שטאַר־קער אָבברומען, און דער גאַנצער, גרויסער לאַכענדיגער עולם וועט זיך צעלויפען אָהן נשמה, וואו דער פעפער וואַקסט — זעהסט, אַ?..."

ער האָט אָנגעהויבען ווילד אומצוואַרפען זיין גרויסען קערפּער, משוגה'דיג צו ברילען און אָנגעכאַפּט זיך מיט דער נאָז פאַר די איי־זערנע שטאַנגען. דער עולם האָט זיך אַ לאָז געטאָן, שטאַרק דער־שראָקען, מיט איין אימה'דיגען געשריי: „ער וועט זיך אַרויסרייסען! אָבער דער העלפאַנט האָט אָבגעלאָזען די שטאַנגען און אָנגעהויבען צו מאַכען זיינע פאַרבויגונגען. די מענשען זענען ביסלעכווייז און

אָבגעהיט צוגעגאַנגען צוריק צו די שטאַנגען, און באַלד איז אַלץ פאַרגעסען געוואָרען, און ער האָט ווידער געקראַגען ברויט און צוקער.

ער האָט זיך ווידער געווענדעט צום לייב:

„זעהסט, האַ? זיי האָבען מוֹרא פאַר מיר נישט ווייניגער ווי פאַר דיר. אָבער נאָך וואָס זאָל איך זיי פאַרטרייבען? צוקער איז זיס און ברויט איז זעטיג...“

ער האָט גאַנץ גנבי'ש צוגעווינקען מיט די אויגען, געמאַכט אַ פאַרבויגונג און געקראָגען אַ גרויס שטיק ברויט.

איין עקעל האָט אָנגעכאַפּט דעם לייב. ער האָט אַזש געציטערט מיט'ן גאַנצען קערפּער. ער האָט געזוכט נאָך אַ האַרב וואָרט, נאָך דער שווערסטער, שטאַרקסטער בעליידיגונג. דאַן האָט ער זיך שטאַרקער אָנגעשפּאַרט מיט די פאָדערסטע פיס אָן די שטאַנגען פון זיין שטייגל און מיט אַלע כּחות אַרויסגעשריגען, פול פאַראַכטונג:

„מה־יפית“!

---

דער העלפאַנט האָט אָבגעלאַכט גוטמוטיג און געשלונגען די גוטע זאַכען. אָבער דער לייב האָט זיך אויסגעצויגען אויף דער ערד און אַרויפגעלעגט זיינע גרויסע לאַפּעס אויף זיין קעניגליכען קאָפּ.

---

# מיין פריינד, צי דו ווייסט?...

א בריף פון ויימעניע.

מיין פריינד, צי דו ווייסט,
וואָס הייסט און באַדייט
אַ ביטערע צייט?...

צי פיהלסטו; וואָס הייסט
אַ פאָלק אין אַ צער,
אַ פאָלק אין געפאַהר?...

*

צי פיהלסטו מיין פריינד,
ווי טיעף איז דער וועה,
ווען ס'הערט זיך פון פיינד
אַ בראָנפען-געשריי;
אָט זעהסטו ער קומט
מיט רציחה און וואוט,
אָט הערסטו — ער ברומט,
און דאַרשט נאָך דיין בלוט, —
און האָסט ניט וואוהין
נאָך רעטונג צו געהן,
נאָר סיידען צו איהם,
צום שונא אליין?...

*

צי פיהלסטו מיין פריינד,
וואָס איז דאָס אַזוינס,
אַ פאָלקל אַ קליינס
און גרויס איז דער פיינד?...
אָהן וואַפען... אָהן מוט...
און האָט ניט קיין שוץ
און הפקר זיין גוטס,
און הפקר זיין בלוט?...

אַבְרָהָם רייזען.

---

# ביים רב אין שטוב.

פון מ. י. ב.

I.

אַלטע דורות. — „עס האָט מיך אָנגעהויבען צופּען ביים האַרצען. איך זעה דאָס קינד קרומט זיך. משולמ'ל, מיין זוהן, וואָס איז דיר? ער פאַרהיסט זיך און ווערד רויט, אַז איך האָב מיך באמת דערשראָקען. איך הייב איהם אָן צו שאָקלען ביים קאָפּ, טאָמער וואָרגט ער זיך. אַ מאַמע, אַ ווייטאָג איז צו מיר! די יונגלעך האָבען דיר עפּיס אַריינגעשטעקט אין מויל אַריין? ער שרייט: יאָ. פאַרשרפ'עט זאָלען זיי ווערען מיט'ן רבי'ן דיינעם אין איינעם. וויי איז מיר, מיין קינד. אַ חדר איז דאָס, קראַנק איז מען צו געבען השגחה אויף די קינדער. ריבצי, שריי איך צו דער דינסט, גיב אַהער וואַרם וואַסער, אַ טיכעלע, אַ האַנטוך, אַז זי איז צו אַלדע רוחות אַוועקגעגאַנגען. היינטיגע צייטען דיענסטען. סקאַצעל קומט! מיינע, דאָס עלטערע מיידל מיינס איז אַריינגעקומען. וואָס שטעהסט דו ווי אַ קלאָץ, גיי אַריבער צום רופא, דעם קינד מוז מען דאָך עפּיס טון. מאַמע מע האָט מיר ניט אַריינגעשטופּט אין מויל. וואָס דען, איין אַנדער קינד וועט דאָך אַ מאַמען זאָגען. חליק האָט מיר אַריינגעשפּיגען אין מויל אַריין. — סטייטש, וועה מיר געשעהן, וואו איז זיין מאַמע, די הולטייקע, די אויגען וועל איך איהר אויסרייסען, פאַרשיווע איינע. הערשעל, וואו שטעקסט דו צום רוח, דער מאַן מיינער, איך בעט איבער אייער כּבוד, אַ טאַטע איז דאָס, ניט פאַר קיין שום יודען געדאַכט. אַ דאָס בין איך געקומען צו אייער פאָטער. אַז ער איז יאָ רב אין שטאָדט, מוז ער דאָך זעהן אויף לייט און ניט געבען די תלמוד־תורה יונגלעך דאָרט, וואו די בעל־הבית'ישע קינדער געהען. צאָהלען צאָהלען מיר גענוג. נעמט אייך צו אַ בעלפער און לערנט זיי אויס עברי. — אַז איהר פאַרשטעהט מיך ניט, אַ פּנים, זענט איהר דער דייטש. ביי אונז זענען נאָך אַלטע דורות.“

II.

דער בעל־מחבר. — „אַז איהר וואָלט געווען אַ גוטער, וואָלט איהר מיר דערקלערט דעם ענין פון גלגלים. די זון איז דאָ ביי טאָג, די לבנה, ביי נאַכט, די שטערען זענען גאָר אָהן אַ שיעור... אַמאָליגע יאָהרען זענען די גדולים געווען גרויסע תוכנים, די היינטיגע לומדים קאָנען קוים חשבונ'ען. פאַר וואָס געהט רעגען, פאַר וואָס וואַקסט דאָ ווייץ און דאָ קאָרן? אַ דאָס איז טאַקי דער ענין פון דער טבע. און אַלע זשוקעלעך און משה רבינו'ס פערדעלעך, וואָס זיי קריכען אַרום, וואָס טויגען זיי? אַלע חכמות משיג צו זיין איז גאָר ניט פאַר אַ ילוד־אשה. טוט מען זיך אַריין אין די ספרים, זעהט מען אַז זיי זענען אַלע געווען גרויסע בעלי מוחות און מענשען מיט קעפּ. זאָגט מיר, איך בעט אייך, איך האָב געהערט, אַז איהר האָט אויך געשריבען ספרים, איהר זענט דאָך אָבער גאָר ניט פרום: אונזערע חכמים האָבען אַלע געהאַט רוח הקודש און אַז זיי האָבען עפּיס געזאָגט, איז דאָס געווען, ווייל זיי האָבען געהאַט דעם ווייטען קוק... וואָזשע וויל איך מיך מיט אייך מישב זיין. עס האָט זיך מיר פאַרגלוסט צו מאַכען אַ ספר'ל אויף חקירה. אַז איהר וואָלט געוואָלט דאָס איבערלייענען. דרוקען קענט איהר עס אַ ודאי ערגעץ אין ווילנאַ,

צי אין בערדיטשעוו. אז בסך הכל, טראכט איך ביי מיר, אז דו וועסט דאס אבדרוקען, קאנסט דו נאך אריינפאלען אין גאות אריין. אבער ציעקאווע איז דאס צו זעהן פון זיך א ספר'ל. איין אנדערען וואלט איך עס ניט געזאגט, אייך יא. מיינט איהר, אז ביי אונז אין שטעדטל פארשטעהט עמיצער עפיס, חאטש א שטיקל אבן־עזרא, רד"ק, אסור."

„זאגט מיר, איך בעט אייך, איהר וואהנט דאך אין בערלין, מילא, די יודען רעדען דארטען דייטש. אבער די גוים, אויף וואס רעדען זיי? איז ביי זיי אויך אלץ אויף רוסיש? וואס מיר בלייבט א קשיא, אז דארט זענען אויך די גוים מחבר ספרים. מילא אין רמב"ם'ס צייטען זענען געוועזען די טבעיים, אריסטו למשל. אבער היינט. — אז איהר וועט איבערלייענען מיין ספר'ל וועט איהר זעהן, ווי אזוי איך טייטש אוים דעם פסוק: כאיל תערוג על אפיקי מים. טאמער, מיינט איהר, איך וויל עס דרוקען אהן הסכמות? אז איהר וואלט ניט געוועזן גאנץ פון זייערע לייט, וואלט איהר מיר געקאנט עפיס אויפשרייבען. וואזשע ארט מיך אייער דאקטאר? פאר מיר זענט איהר נאך עד היום יוסל דעם רב'ס.'

---

# איין אלטע עצה אויף א נייע פראגע.

די עקאנאמישע וויסענשאפט לעהרנט אונז, אז די ענטוויקלונג פון דער געזעלשאפט בילדעט א געביידע, ביי וועלכע מען דארף שטרענג אונטערשיידען דעם יסוד פון צובויאונג, דעם עיקר פון טפל.

די געלעהרנטע, וואס האלטען פון דעם עקאנאמישען מאטעריאליזמוס, ד"ה די געלעהרנטע וואס זייער שיטה איז, אז די גאנצע קראפט אין אונזער געזעלשאפטס־מאשין זענען די עקאנאמישע סבות, זאגען אז דעם צושטאנד פון דער עקאנאמיע האט מען צו פארדאנקען אלץ וואס קומט פאר אויף דער וועלט. דער גאנצער יסוד אין דער געזעלשאפט, זאגען די דאזיגע געלעהרנטע, זענען נאר די עקאנאמישע בעדינגונגען, און אלע ארדנונגען, וואס מען האט ביז היינט איינגעפיהרט אין לעבען און מען וועט נאך איינפיהרען. איז נאר מחמת די עקאנאמישע בעדינגונגען. די איבריגע פארמען פון דער געזעלשאפט, ווי למשל, די געזעצע און משפטים, סיי אין דער געזעלשאפט, סיי אין דער פאליטיק, אפילו די פארמען פון מאראל, זענען נאר טפל־זאכען, און זענען אבהענגיג פון די עקאנאמישע בעדינגונגען. די עקאנאמישע בעדינגונגען זענען דעריבער די הערשער אין אונזער געזעלשאפט, זיי בעשטימען דעם חאראקטער פון אלע איינריכטונגען אין אונזער געזעלשאפט. יעדער רעיון, יעדע בעוועגונג טראגט אויף זיך דעם אבדרוק פון דעם עקאנאמישען צושטאנד. און דעריבער, ווען עס ענדערען זיך די עקאנאמישע בעדינגונגען, וועלכע זענען דער עיקר פון דער געזעלשאפט — ענדערען זיך ממילא די איינארדנונגען און דער גאנצער סדר, וועלכע זענען נאר דער טפל אין אונזער געזעלשאפט.

נאר נישט אזוי באלד ענדערט זיך דער טפל אפילו ווען דער עיקר איז שוין איין אנדערער.

עס ליגט אין מענשענס טבע זיך צו האלטען אין דעם וואס ער האט בקבלה פון זיינע עלטערן, — דער טאטע האט זיך אזוי געפיהרט — זאגט א פשוט'ער מענש — דער זיידע האט זיך אזוי געפיהרט, וועל איך מיר אויך אזוי פיהרען, איך וועל די וועלט נישט איבערמאכען. די וויסענשאפט רופט די דאזיגע טבע פון מענשען טראדיציאנס קראפט. און מחמת דעם כח פון דער טראדיציע בעגעגנען מיר זעהר פיעל פאקטען אין געזעלשאפטליכען לעבען, וואו דער יסוד, אויף וועלכען עס איז געוועזן געגרינדעט די גאנצע געזעלשאפטליכע ארדנונג איז שוין געווארען אלט, און האט שוין איבערגעגעבען די ממשלה א נייערען יסוד, און דער צובוי האט נאך פון דעסטוועגען איבער זיין אלטע חזקה א קיום, די אלטע איינריכטונגען האלטען זיך נאך פעסט אפילו אין דער צייט, ווען די עקאנאמישע בעדינגונגען, וועלכע האבען זיי ארויסגערופען, זענען שוין לאנג אראב פון לעבענס־סצענע און ווען די נייע עקאנאמישע יסודות פאדערען שוין פונ'ם לעבען גאנץ נייע פארמען.

דער אלטער צובוי, דורך די טראדיציאנער קראפט, וואס האלט איהם אונטער, קאן האבען א קיום כל זמן דער נייער יסוד וועט ניט ווערען אזוי ווייט ענטוויקעלט, אזוי שטארק, אז ער וועט אין גאנצען חרוב מאכען צו דעם צובוי. דער אלטער צובוי הייבט געוועהנליך אן צו פיהרען א מלחמה מיט'ן נייעם יסוד, וועלכער וויל איהם חרוב מאכען, ווייל איהם ווילט זיך ניט אזוי לייכט אראב גיהן פון סצענע. סוף כל סוף אבער איז דער נייער יסוד מנצח און טרייבט שוין אין גאנצען ארוים דעם אלטען, און דער אלטער צובוי ווערד חרוב, אזוי ווי יעדער בנין אהן א יסוד, און דער נייער צובוי, וועלכער וועט פאסען מיט'ן נייעם יסוד, פארנעמט זיין ארט.

דאס בעמערקען מיר אין דער אלגעמיינער מענשליכער ענטוויקלונג און אויך אין יעדע ערשיינונג.

פארשידענע אידעען און מיינונגען ווינקען טייל מאל אויף די מחות פון מענשען אם לו דענסטמאל. ווען די סבות, וואס האבען זיי ארויסגערופען און ענטוויקעלט זענען שוין אבגעשטארבען און האבען זייער ארט איבערגעגעבען אנדערע. די דאזיגע אידעען פארנעמען איין ארט אין מענשענס מח כל זמן די נייע טעאריע פון לעבען ווייזט ניט אויף בולט, אז זיי זענען זי סותר און אז זי, די נייע טעאריע איז שוין רעכט ענטוויקעלט און איז שוין אימשטאנד צו נעמען דעם שליסעל פונ'ם גאנצען גייסטליכען באנאזש.

גרויס און מעכטיג איז די קראפט פון דער טראדיציאן, די קראפט פון קאנסערוואטיזמוס!*) אפילו ביי די עכטע פרייע דענקער, ביי די רעכטע פראגרעסיסטען פארגנב'עט זיך די טראדיציאן אריין אין וואסערע עס איז א ווינקעלע און בעהאלטענערהייט, ווירקט זי אויף דעם גאנצען סדר פון דענקען, אזוי שטיל, דאס דער דענקער אליין בעמערקט עס גאר ניט.

און ניט פריי פון אזא ווירקונג איז אפילו דער בעריהמטער עהרליכער דענקער פון אונזער צייט קארל קאאוטסקי, ווען עס געהערט דער אויבען־אויסגעזאגטער רעיון.

קאאוטסקי איז א תלמיד מובהק פון קארל מארקס, דער גרינדער פון דער עקאנאמישער שטה אין דער היסטאריע. יעדעס ווארט פון גרויסען גאונ'ישען רבי'ן איז פאר איהם א געזעץ, א חוק, אין וועלכען מען טאר נישט מטיל ספק זיין. ווען ער נעמט אנאליזירען (פונאנדערגלידערען) א געוויסע געזעלשאפטליכע ערשיינונג, טרעט ער צו צו

*) קאנסערוואטיזמוס הייסט, זיך האלטען ביים אלטען, נישט וועלען איינפיהרען נייע ארדענונגען.

איהר מיט פארטיגע סברות, אונ פון א פריהערדיגען, שוין לאנג אויסגעארבעטעטען שטאנד־פונקט. בעלייכט ער יעדע פראגע. עס פארשטעהט זיך, אז אזא סארט פארשען קאן ניט זיין אין גאנצען וויסענשאפטליך ריכטיג אונ דעריבער איז קיין וואונדער ניט, וואס זעהר אפט איז ער צופיעל נוטה צו איין זייט.

מיר רעדען דא וועגען איין ארטיקעל, וואס קאוטסקי האט ניט לאנג אנגעשריבען, וועגען קישינעווער אומגליק. *)

קאוטסקי האט ביז נישט לאנג, גלייך מיט זיינע חברים, נישט געוואלט מודה זיין, אז א חוץ דעם קלאסען־קאמפף, וואס איז געגרינדעט נאר אויף עקאנאמישע אינטערעסען, איז דא אין דער היסטאריע נאך א קאמפף, וואס איז געגרינדעט אויף דעם אונטערשיד צווישען די ראסען, אזא קאמפף, וואס האט קיין שום שייכות ניט מיט די עקאנאמישע בעדינגונגען, אין וועלכע די אדער יענע גרופע מענשען געפינט זיך, אונ דעריבער האט קאוטסקי ערקלערט יעדע שנאה געגען א געוויסע נאציאן אונ אויך די אנטיסעמיטישע בעוועגונג, מיט פארשידענע דוחק תירוצים, מיט וועלכע קאוטסקען אליין געפאלט איצט שווער מסכים צו זיין.

יעדע נאציאנאלע פיינדשאפט — פלעגען אונז איבערצייגען די עקאנאמיסטען — איז ניט א זעלבסטשטענדיגע בעוועגונג, נאר א פועל יוצא, א רעזולטאט פון דער גאנצער ניט ריכטיגער עקאנאמישער ארדנונג, וועלכע הערשט ביי אונז אונ דעריבער זענען זיי געקומען צום כלל, אז אלע עהרליכע מענשען דארפען שטרעבען דערצו, אז די גאנצע ארדנונג זאל ווערען איבערגעמאכט אונ דענסטמאל וועט שוין ממילא אויפהערען צו עקזיסטירען די נאציאנאלע פיינדשאפט. דענסטמאל, ווען די ארבייט וועט שלום מאכען מיט'ן קאפיטאל — האבען זיי אונז געטרייסט — וועט קומען די צייט, צו וועלכע ישעיה הנביא האט נביאות געזאגט: ותמלא הארץ דעה כמים לים מכסים... לא ישא גוי אל גוי חרב.. וגר זאב עם כבש א. ז. וו.

הויך אונ ערהאבען איז אזא אידעאל! יעדער עהרליכער מענש מוז מיט דעם מסכים זיין. אבער לאנג איז די צייט צו ווארטען דערויף, אונ אבזאגען זיך פון אנדערע ארבייט, וועלכע פארלייכטערט די איצטיגע שמערצען אויף דעם סמך, וואס אמאל וועט קומען א צייט, וואס מען וועט אין גאנצען ניט קאנען ליידען נאר אזוינע צדיקים, וועלכע זענען מקבל באהבה פארשידענע יסורים אויף דער וועלט, אויף דעם סמך, וואס זיי וועלען איבער הונדערט יאהר האבען א שטיקעל לויתן אונ א גוטען חלק עולם הבא אויף יענער וועלט.

לעבען אליין נאר מיט אזוינע, הגם זיכערע, האפנונגען איז זעהר שווער!...

דאס פארשטעהען גאנץ גוט אפילו די עקאנאמיסטען אונ דעריבער דריקען זיי אלע מאל אויס א פראטעסט, ווען עס ווערד אונטערדריקט א געוויסע פאלק.

ניט וועניג רעדען די דאזיגע עקאנאמיסטען וועגען די יודען־פראגע בכלל אונ דער אנטיסעמיטישע בעוועגונג בפרט, אונ הגם די פראטעסטען וועגען די רדיפות געגען דעם יודישען פאלק זענען ניט אזוי שטארק אונ ריהרענד, געבען זיי אבער דערפאר זעהר פיעל עצות די יודען אליין, ווי זיך צו פערטיידיגען געגען די רדיפות.

*) זעה וואסחאד 27 היינטיגעס יאהר.

אז אך אונ וועה אזעלכע עצות!!

א חוץ וואס די עצות זענען שוין צו אלט, זענען זיי בכלל ניט וויסענשאפטליך ריכטיג. דאס איז נאר אזא סארט סברא, ווי די, וואס דער רב געברויכט אונ א „הדרן" כדי דער „לשיטתו" זאל זיין ריכטיג.

אונ זעהר ניט אנגענעהם איז צו הערען אזא סברא פון דעם געלעהרנטען קאוטסקי'ן, וואס געהט סאי ווי סאי שוין ניט „לשיטתו" בנוגע די יודען פראגע.

עס איז כדאי צו רעדען וועגען דעם אביסל ברייטער.

ביז דעם לעצטען קישינעווער אומגליק האבען אלע עקאנאמיסטען צו זאמען מיט קאוטסקען, ווי מיר האבען שוין געזאגט, געזעהן אין דער אנטיסעמיטישער בעוועגונג נאר א רעזולטאט פון קלאסען־קאמפף. דער קליין־האנדעל אונ די מלאכות האלט איצט ביי א גרויסען קריזיס, טאג טעגליך ווערען זיי אלץ מעהר איינגעשלונגען פון דעם גרויסען קאפיטאל, וועלכער געפינט זיך אין די יודישע הענט. די אונטערגעגאנגענע בעלי־מלאכות אונ קליין בורגער, וועלכע ווילען ניט ווערען קיין פשוטע בעטלער האפען זיך צו אינטעליגענטע מלאכות, נאר אויך די דאזיגע מלאכות זענען פארפלייצט מיט יודישע יונגע לייט, וועלכע זענען אסך פעהיגער פאר זייערע ניט יודישע חברים אונ קענען זיי בייקומען אין מלחמת הקיום, זייערע ניט יודישע חברים. אזעלכע בעדינגונגען מוזען ארויס רופען קנאה, שנאה קעגען די יודען אונ עס איז קיין וואונדער ניט, אז די פארשטעהער פון די אינטעליגענטע מלאכות, וועלכע לערנען די וויסענשאפט שלא לשמה, בעגעהן זיך נעהר פריינדליך קעגען די יודען.

די יודען פראגע — זאגען זיי ווייטער, — איז פעסט פארבונדען מיט דער אלגעמיינער קלאסען פראגע. וואס מעהר דער קאפיטאליזמוס ענטוויקעלט זיך, אלץ שטארקער ווערד פון דער צווייטער זייט זיין אייביגער געגנער—די ארבייטער מאסע. דער אונגעהייערער דרוק פון קאפיטאל גיט איין די ארימערע קלאסען שכל צו פארשטעהן זייער לאגע. זיי הויבען אן צו פארשטעהן, אז די רעכטע סבה פון זייער ארימקייט איז ניט דער אדער יענער קאפיטאליסט בעזונדער, נאר דער קאפיטאל בכלל, אז קעמפפען דארף מען גיט קעגען א יחיד אדער אפילו קעגען א געוויסע נאציאן, נאר קעגען די גאנצע געזעלשאפטליכע ארדנונג, אונ דאס וועט ממילא מבטל זיין דעם אנטיסעמיטיזם.

„דאס אלץ איז ריכטיג, אבער עס איז ניט קיין תירוץ מספיק". —איז איצט קאוטסקי מודה אין זיין אויבען דערמאנטען ארטיקעל — ווייל די פראגע איז אלץ קשה, פאר וואס געפינט זיך טאקי דער קאפיטאל אין די יודישע הענט? אונ פאר וואס איז טאקי די יודישע אינטעליגענץ פעהיגער פון אנדערע? אויסערדעם, איז די אויבערשטע ערקלערונג פאקטיש ניט ריכטיג.

„אין רוסלאנד געהערען די יודען ניט נאר צום קלאס
„קאפיטאליסטען, אונ זענען די פארשטעהער פון די אינטעליגענטע
„פראפעסיאנען, ווי אין מעריב אייראפא, נאר זיי געהערען צו אלע
„שטעדטישע קלאסען, אויך בעלי־מלאכות אונ פראלעטאריער,
„אפילו צו די עניים שבעניים? ווי אזוי האט דאס רוסישע פאלק
„געקאנט ארויס ווייזען אזא שנאה קעגען יודען?"

(ענדע קומט).

א. ש. זאקס.

## אלערליי.

א נייער שמשון הגבור. איין אמעריקאנישׁ בלאט שרייבט פון א נייעם שמשון הגבור, וועלכער איז פון רוסלאנד אנגעקומען קיין אמעריקא, דער דאזיגער גבור איז אויס באקו, ער הייסט פעטער נאלזאוו און איז גרויס 5 פוס מיט 5 צאל. פאהרענדיג אויפ'ן שיף קיין אמעריקא, האט ער צוזאמענגעבויגען דיקע אייזען־שטאנגען אזוי לייכט ווי א שטרוי און צעבראכען א קייט, וואס איז געוועזען א צאל די דיק, ער האט צעבראכען א שווערען דיקען שטול ווי מען צעברעכט איין אייער־שאלעכץ. כדי צו בעווייזען ווי שטארק ער איז האט ער זיך געלאזט די רעכטע האנט צו בינדען צום רוקען און מיט די לינקע האנט האט ער זיך געראנגעלט מיט 5 שטארקע מענשען, וואס האבען איהם געוואלט אנידער ווארפען. אנקומענדיג אין אמעריקא האט מען זיך באלד פון איהם דערוואוסט און א געזעלשאפט האט איהם געבאטען ביז 2000 דאלאר אוואך ער זאל ביי זיי זיך לאזען אלס בעריהמטער גבור ארומפיהרען אין פארשידענע ערטער. דער נייער שמשון האט געזאגט, אז ער איז גענוג רייך און איז געקומען אין אמעריקא נישט צו ווייזען זיין גבורה נאר אויפצוזוכען זיין קרוב אנטאן ברעלסאוו אין באלטימארע.

---




### I. אלגעמיינע נייעס.

— דער ווארשעווער קריסטליכער פעראיין צו בעשיצען פרויען האט בעקאנט געמאכט, אז לויט ידיעות פון א זיכער ארט, איז פון בוענאס־איירעס געפאהרען נאך איראפא איינער פון די בעוואוסטע פרויען־הענדלער, כדי ארייננצונארען אומשולדיגע מיידלעך און זיי אוועק־צופיהרען אין די שענדליכע הייזער אין דרום אמעריקא. דעריבער איז דער פעראיין מזהיר די יונגע מיידלעך, אז זיי זאלען נישט גלויבען קיין שום צוזאג, אז זיי וועלען אין ארגענטינא בעקומען גוטע שטע־לען אדער ווארלע חתנים, דען דאס מיינט מען זיי נאר צו פארפיה־רען און אומגליקליך צו מאכען.

---

## פרויען־מלוכה.

### די וואהנונג.

א יונגע פאר, וואס ווילען זיך איינפיהרען א צופרידען, בעשיי־דען לעבען דארף קודם כל זיך פארזארגען מיט א גוטע וואהנונג. די וואהנונג איז די נעסט, וואו דאס יונגע פאר־פאלק דארף גרינדען זייער גליק פאמיליען־לעבען.

אמת, אויסקלויבען א גוטע, בעקוועמע וואהנונג, איז נישט פאר יעדענס קעשעניע, און בכלל נישט פון די לייכטע זאכען. טייל מאל טרעפט, אז די דירה איז טאקי מיט אלע מעלות, אי גוט אי ביליג, נאר זי איז צו ווייט פון געשעפט, און פאהרען יעדען טאג מיט דראש־קעס צום און פון געשעפט, טראגט נישט די הכנסה. איז ווידער די דירה נאהנט צום געשעפט און נישט טייער האט זי איין אנדער חסרון, מען קאן איהר, אז עס קומט ווינטער, נישט דערהייצען א. ד. ג. דער כלל: א דירה מיט אלע מעלות איז כמעט פון די אוממעגליכע זאכען, דאס קענען נאר די גרויסע גבירים בעקומען.

עס קומט דעריבער על פי רוב אויס, צו נעמען א דירה, וועלכע עס פעלט אין דער האנט אריין, א דירה, וואס דאכט זיך אין דעם אויגענבליק, אז מען קאן ווי עס איז אין איהר וואהנען.

נאר, אז מען קאן זיך אויסקלויבען פון א סך דירות, דארף מען אודאי אויסקלויבען אזוינע, וואס פאסט מעהר צו דעם ארט לעבען, וואס דאס יונגע פאר וויל איינפיהרען און זיך בעמיהען ווי ווייט עס איז נאר מעגליך זיך איינצוארדענען מיט אלע בעקוועמליכקייטען, כדי די וואהנונג זאל זיין ליב ביי דעם מאן און ער זאל נישט ווע־לען זוכען אנדערע הייזער.

דער עיקר נאטירליך שפיעלט ביי א וואהנונג די גרעסטע ראלע, זי זאל איינגעארדענט זיין לויט די געזונטהייטס כללים.

ווי דארף זיין א געזונטע דירה?

א געזונטע דירה דארפען די פענסטער ארויסגעהן אין מזרח, כדי עס זאל אין איהר אריינקומען א סך ליכט פון דער זון. די געזונטסטע דירה איז ווען די פענסטער געהען ארויס אין אלע פיער זייטען פון דער וועלט, אלץ מחמת דעם איינענעם טעם, כדי די זון, וועלכע ריינגעלט ארום אין דעם משך פון טאג, אלע פיער זייטען פון דער וועלט, זאל עס בעלייכטען דעם גאנצען טאג. די ליכטיגקייט פון דער זון איז נישט נאר גוט דערמיט, וואס זי בעלייכט די וואהנונג, נאר דערמיט, וואס זי היט איהר אב פון פייכטיגקייט, פון וועלכע, עס נעמען זיך, ווי עס איז בעוואוסט, א סך קראנקהייטען. נאר אין די גרויסע שטעדט, וואו די הייזער ווערען געבויט אנגעקלעפט איינס אן דאס אנדערע, קאן מען פון אזא וואהנונג אפילו נישט אנהויבען צו טראכ־טען.

די צאהל פון די צימערן דארף זיין לויט דעם געברויך פון דער פאמיליע. נאטירליך, ווען נאט בענשט מיט קיין עין הרע א סך קינדערלעך און מען קאן זיך ערלויבען א דירה פון א סך צימערען איז קיין קלער נישט, אז וואס מעהר צימערען איז געזונטער. די צימערען דארפען זיין הויך, גערוימיג און ליכטיג, מיט גוטע געמויערטע אויוועגס און ווענטילאציעס.

נאר, ווי מיר האבען שוין פריהער געזאגט, איז עס זעהר שווער צו געפינען א וואהנונג, וואס זאל זיין איינגעארדענט לויט אלע כללים פון דער געזונטהייט. לכל הפחות דארף מען אבער זעהן ווי ווייט מעגליך, אז עס זאל כאטש א ביסל זיין נאך דעם איינגעארדענט, מען דארף נישט קוקען אויף דעם, וואס מען קאן א דירה קריגען פאר בי־ליגער וויבאלד זי איז נישט געבויט היגעניש. עס לוינט צוליב די געזונטהייט זיך אבצוזאגען פון אנדערע בעקוועמליכקייטען און אפילו צו וואהנען א ביסל ווייטער פון געשעפט.

צום אומגליק אבער בויען אונזערע „ווירטען" די הייזער נאך אזא פלאן, אז די קליינע צימערלעך און צווישען זיי געוועהנליך אויך די קינדער־צימער, זאלען זיין פינסטער, און די ארימע קינדער, וואס מוזען נישט ווילענדיג פארברענגען דארטען א דריטעל יאהרען, גענ־יסען נישט דאס ליבע ליכטיקייט פון דער זון, וואס דאס שאדט זעהר צו זייער געזונטהייט, און ווירקט שלעכט אויך אויף זייער גייסט. ווי שיין, רייך די דאזיגע קליינע תפיסות זאלען נישט זיין אויסגעפוצט קענען זיי נאר גוט זיין צו האלטען דערינען פארשידענע ווירטשאפט זאכען, אבער באין אופן נישט דאס טייערסטע פון אונזער לעבען — אונזערע קינדער.

ביים דינגען א וואהנונג, קוקען מיר באלד אויפ'ן זאל און קא־בינעט, מיר בעטראכטעי שארף צי די ווענט זענעי מיט שיינע טאפע־

טֶען, אויבּ אויף דֶער סְטֶעלִיעַ (פָאטָאלָאק) אִיז דָא אַ שֵׁיינֶע „רָאזֶעטֶע", וואו דֶער לָאמְפּ דַארְף הֶענְגֶען; מִיר פַארְלַאנְגֶען דוּרְכָאוּס, אַז דִי פֶענְסְטֶער זָאלֶען אַרוֹיסְגֶעהן אוֹיפ׳ן גַאס. נָאר צִי קוּמְט אַרַיין דוּרְךְ דִי דָאזִיגֶע גַאס פֶענְסְטֶער גֶענוּג לִיכְטִיגְקֵייט פוּן דֶער זוּן — דָאס מַאכְט אוּנְז וֵועניג אוֹיס. דָאס שְׁלָאף אוּנ קִינְדֶער־צִימֶער שְׁפִּיעלְט בַּיי אוּנְז צוּם אוּמְגְלִיק אַזַא קְלֵיינֶע רָאלֶע, אַז מִיר בֶּעקִימֶערֶען זִיךְ אַרוּם זֵיי זֶעהר וֵועניג, אוּנ בֶּאֱמֶת וָואס פַאר אַ נַפְקָא מִינָה אִיז דֶען ווִי דִי דָאזִיגֶע צִימֶערֶען זֶענֶען, וֶוער זֶעהט זֵיי? וֶועלְכֶער גַאסְט קוּקְט זֵיי אָן? שְׁלָאפֶען קָאן מֶען אוּמֶעטוּם, אַבִּי נָאר אוּנְטֶער אַ דַאךְ, אוּנ אַז מֶען הַאלְט שׁוֹין בַּיים אַרוֹיסְגֶעהן, גִיט מֶען פַארְבַּייגֶעהֶענְדִיג אַ וָוארְף מִיט דִי אוֹיגֶען אוֹיף דֶער קִיךְ אוֹיךְ, וֶועגֶען דֶער קִיךְ לוֹינְט זִיךְ דָאךְ אַ וַדַאי נִישְׁט צוּ דַאֲגָה׳ן. גֶעהן דִי קֶעכִין אוֹיךְ פַארְזָארְגֶען מִיט אַ לִיכְטִיגֶע וואהנוּנג? וֶועלְכֶע רֶעכְטֶע בַּעַל הַבַּיִת׳טֶע וֶועט דָאס גֶעהן זִיךְ בְּרוּדִיגֶען אִין קִיךְ? אַי וָואס, ס׳אִיז פִינְסְטֶער, נוּ, וֶועט דִי קֶעכִין אָנְצִינְדֶען דֶעם קִיכֶען־לֶעמְפֶּעל, וֶועט הַאפֶּען דוּרְכ׳ן חֹדֶשׁ נָאךְ אַ פָּאר גְרָאשֶׁען נַאפְט. אַי עֶס הֶערְט זִיךְ נִישְׁט קֵיין גוּטֶער רֵיחַ? אַבִּי אִין זַאל אִיז פַארְגָאסֶען מִיט פַּארְפוּמֶען. מִיר פַארְגֶעסֶען, אַז אִין אַ פִינְסְטֶערֶע אוּנ אֵיין אוּמְרֵיינֶע קִיךְ קָאן מֶען קֵיין גֶעזוּנְטֶע עֶסֶען נִישְׁט קָאכֶען. דָאס עֶסֶען וֶוערְד פוּן דֶעם שְׁלֶעכְטֶען רֵיחַ, פוּן דִי פַארְשְׁטִיקְטֶע לוּפְט פַארְדָארְבֶּען, עֶס בֶּעקוּמְט אַ שְׁלֶעכְטֶען גֶעשְׁמַאק אוּנ אוּמְזִיסְט עֶרְגֶערְט זִיךְ דִי בַּעַל הַבַּיִת׳טֶע אוֹיף דֶער אָרֶעמֶער דִיעֶנְסְט, אַז זִי פַארְשְׁטֶעהט נִישְׁט צוּ קָאכֶען, וֶוען נִישְׁט קֵיין רֵיינֶע, לִיכְטִיגֶע קִיךְ קָאן דִי פְרִישֶׁעסְטֶע עֶסֶען נִישְׁט גוּט שְׁמֶעקֶען. מֶען דַארְף דֶערִיבֶּער אוֹיךְ דִי קִיךְ הַאלְטֶען רֵיין אוּנ לִיכְטִיג אוּנ בַּיים דִינְגֶען אַ דִירָה דַארְף מֶען אֶפְשַׁר דִי קִיךְ מֶעהר אִין זִינֶען הָאבֶּען ווִי דֶעם זַאל מִיט דִי שֵׁיינֶע טַאפֶּעטֶען.

מַלְכָּה גָאלְדְמַאן.

## אַלֶערְלֵיי.

גֶעבֶּענְשְׁטֶע פְרוֹיעֶן. אִין דֶער שְׁטָאדְט הָאהֶענְרַאדֶע (זַאקְסֶען) לֶעבְּט אַ גֶעוויסֶע פְרוֹי הֶעננִינג, וֶועלְכֶע גָאט הָאט גֶעבֶּענְשְׁט מִיט אַכְט קִינְדֶער זְכָרִים אוּנ אַלֶע אַכְט זֶענֶען גֶעזוּנְט אוּנ שְׁטַארְק. אַלֶע קִינְדֶער הָאבֶּען אִין דֶער דֵייטְשֶׁער אַרְמֶע גֶעדִינְט. דִי אַלֶע אַכְט גֶעזוּנְטֶע סָאלְדַאטֶען הָאבֶּען זִיךְ אִין זֵייעֶרֶע מָאנְדוּרֶען גֶעלָאזְט אָבְּפָאטָאגְרַאפִירֶען אוּנ הָאבֶּען דָאס בִּילְד דֶעם דֵייטְשֶׁען קֵייזֶער צוּגֶעשִׁיקְט אוּנ דֶער קֵייזֶער הָאט דִי גֶעבֶּענְשְׁטֶע מוּטֶער, ווִי עֶר הָאט אִיהר אָנְגֶערוּפֶען, גֶעהֵייסֶען יֶעדֶעס יָאהר אוֹיסְצָאהלֶען פוּן דֶער רֶעגִירוּנְגְס־קַאסֶע 300 מַארְק. אֵיין אַנְדֶערֶע נָאךְ מֶעהר גֶעבֶּענְשְׁטֶע מוּטֶער גֶעפִינְט זִיךְ אִין עֶסְטְרַייךְ. זִי הֵייסְט פְרוֹי וַויינְבֶּערְגֶער, אֵיין אַלְמָנָה, וָואס דֶער מַאן הָאט אִיהר אִיבֶּערְגֶעלָאזְט אַ גַאנְצֶען טוּץ זְכָרִים, אַלֶע צְווֶעלְף זִיהן הָאבֶּען גֶעדִינְט אִין דֶער עֶסְטְרַייכִישֶׁער אַרְמֶע אוּנ אַלֶע צְווֶעלְף זֶענֶען אִין דִיעֶנְסְט בֶּערִיהמְטֶע מוּזִיקֶער גֶעוָוארֶען אוּנ הַיינְט הָאבֶּען זֵיי זִיךְ גֶעמַאכְט זֵייעֶר אֵייגֶענֶע קַאפֶּעלְיֶע, וֶועלְכֶע אִיז כִּמְעַט אִין גַאנְץ עֶסְטְרַייךְ בֶּעקַאנְט. נִישְׁט לַאנְג הָאט דֶער קֵייזֶער פְרַאנְץ יָאזֶעף דֶער דָאזִיגֶע גֶעבֶּענְשְׁטֶע מוּטֶער גֶעשֶׁענְקְט אַ גָאלְדֶענֶע הַאלְזְקֵייט, אוֹיף וֶועלְכֶע עֶס הֶענְגֶען צְווֶעלְף דָאפֶּעל־דוּקַאטֶען אוּנ אַ קְרֵייץ בֶּעזֶעצְט מִיט בְּרִילְיַאנְטֶען.

## אַ טָעוּת

אִין נוּמֶער 32 בַּיי דִי נְדָבוֹת פַאר דֶעם נַאצִיאָנַאל־פָאנְד דַארְף זַיין אַנְשְׁטַאט דוּבָּאסַארִי אַנְגָארִליק.

רֶעדַאקְטָאר: מ. סְפֶּעקְטָאר.
פֶערְלַאג „פָאלְקְסְבִּילְדוּנְג".



הוספה חדשה ל„עולם קטן": ירחון לבני הנעורים בשם „הנעורים".

## אויף דעם זאמעל־בוך „הילף“

וואס די גאנצע הכנסה געהט פאר די פאראומגליקטע יודען אין קישינוב.

**(פרייז 1 רובל מיט פארטא)**

**יוריעוו**: א. אונ מ. יאקאבזאהן 1 עקז ; **ראקיטנא**: מ. פרייסמאן 1 עקז׳; **וואפניארקא**: מ. וואנעטיק 1 עקז׳; **רעוועל**: ש. פאמערענץ 2 עקז׳.

---

## נדבות

(דורך די אדמיניסטראציאן יודישע פאלס-צייטונג אין קראקוי)

**פאר די פאראומגליקטע יודען אין קישינוב:**
די ארבייטער פון יובילער פאבריק פון גוטמאן 4.70 רובל.

**פאר דעם נאציאנאל־פאנד:**
נאסף לטובת הקיפה הלאומית ע״י הציוניסטישער פעראיין ביאגארליק (פלך פאדאל) על חתונת בתו של מ. א. וויטקאווסקע סך 5.61 רובל; כמו כן ע״י הפעראיין הנ״ל מה׳ ג. ל. ראקאוו 1 רובל; ח. ראקאוו 75 ק׳; מ. קעלמאנאוויטש 68 ק׳; א קלעפפער 59 ק׳; א. ז. ישפה 58 ק׳; י. טאבאטשניק 50 ק׳; ר חייצין 42 ק׳; ז. ליוושין. מ. א. וויטקאווסקע כ״א 40 ק׳; א. רעזניק, ש. שטיינבערג כ״א 30 ק׳; מ. סאסליק 21 ק׳; א כהנזאהן, ז. פאחיע כ״א 20 ק׳; ש. באקמאן 15 ק׳; מ. נאטערמאן 12 ק׳; י. האלפירין 11 ק׳; מ. גאליר, נ. ליוושין, י. בראדסקע, פ. לעמבריצקע, א. א. ווערבוך, א. גאלאנטער, כ״א 10 ק׳; א. שטערמאן. א הורוויץ כ״א 5 ק׳ — ס״ה 13 22 רובל

---

### איינציגע ברוכבענדער, וועלכע היילען גרינדליך נאך קורצעם געברויך זינד נור „אלעקסאנדערס“



## נייעס!! נייעס!!
### ברוכבענדער עלעקטרא־גאלוואנישע

היילען גרינדליך נאך קורצעם געברויך, אונ נאך 3 מאנאטליכען טראגען ווירד דער ברוך גענצליך אויסגעהיילט. — ווי האלטען גוט איין דעם ברוך אונ דריקען נישט דעם קערפער, וועהרענד אהנע עלעקטריע איז דאס אונמעגליך. **בויכבענדער** פיר פרויען, עלאסטישע גוממי שטרימפפע פיר געשוואלענע פיס, ברילען מיט ווענעציאנישע גלעזער, וועלכע שטערקען די אויגען, אפאראטע פיר העמערוידען, אויך אנדערע כירורגישע אונ אפטישע ארטיקעל עמפפעהלט צו פאבריקס פרייזען די לאנג יעהריגע פירמא

**Хирургическо-Оптическій магазинъ**
подъ фирмою **Александеръ**
Сенаторская 22, Варшава

דא עס האט זיך געצייגט אז מען מאכט נאך אונזערע ברוכבענדער, ביטען וויר אויפמערקזאם צו זיין אויף די אריגענאלע מיט׳ן סטעמפעל פון אונזער פירמא.

**וויר בעזיצען הונדערטע דאנקשרייבען פון די יענינע וואס האבען געטראגען אונזערע ברוכבענדער.**

ביי בעשטעלונגען פער פאסט דארף מען נור איינשיקען דאס מאס פון קערפער הערום. — פרייז **1** זייטיגע **6** רובל, **2** זייטיגע **10** רובל. 149 50 20

די פירמא עגזיסטירט זייט 1885 יאהר.

---

הוצאת „תושיה“.

ספר חדש

# ארץ ישראל.

ספר למוד **הגיאוגרפיה של ארץ ישראל** עם מפה בעלת צבעים **בעברית**

מאת **יהודה גרזובסקי.**

וזה תכנו:

דברים אחרים.

**פרק א:** מקום ארץ ישראל, שמותיה, גבולותיה, גדלה וחלוקתה.

**פרק ב:** ההרים, העמקים והמדברות.

**פרק ג:** הימים והנחלים

**פרק ד:** שלטון הארץ, יושביה, עריה הגדולות ומושבות היהודים.

**פרק ה:** תוצאות הארץ, האקלים, תכונת הארץ ואחדים מחקי הארץ.

(252) **מחירו 25 ק׳, פארטא 2 ק׳.** 3—5

Издат. „Тушія“ Варшава. — Verlag „Tuschija“ Warschau

בע״פ: נובוליפקי 7 מעון 9.

---

# בְּשׂוֹרָה נְעִימָה!

## צֵאת לְאוֹר סֵפֶר תּוֹלְדוֹת יִשְׂרָאֵל מְצֻיָּר!

לְלַמֵּד אֶת יַלְדֵי בְּנֵי יִשְׂרָאֵל אֶת הַהִיסְטוֹרְיָה הַבִּבְלִית עִם קִצּוּר דִּבְרֵי יְמֵי עַמֵּנוּ עַד חֲתִימַת הַתַּלְמוּד, בִּשְׂפַת עֵבֶר עַל טָהֳרַת הַקֹּדֶשׁ עִם תַּרְגּוּם רוּסִי, מֵאֵת הַבַּלְשָׁן הַנּוֹדָע הַמְדַקְדֵּק וְהַמְבָאֵר הר׳ יִצְחָק וַוארְשַׁאווסְקִי, שֶׁרֶק הַהִיסְטוֹרְיָה הָעִבְרִית הַזֹּאת לְבַדָּהּ מְאֻשֶּׁרֶת מִטַּעַם הַמֶּמְשָׁלָה בְּתוֹר סֵפֶר לִמּוּד הַהִיסְטוֹרְיָה הַבִּבְלִית (**УЧЕБНИКЪ по Библейской Исторіи**) יָצָא לָאוֹר בְּתַבְנִית מְפֹאֶרֶת עַל נְיָר יָפֶה וְדְפוּס יָפֶה נֶחְמָד לְמַרְאֶה, עִם צִיּוּרִים רַבִּים מְהֻדָּרִים וְעִם הוֹסָפוֹת וְתִקּוּנִים וְהֶעָרוֹת כְּרָנְלָגִיּוֹת וּבֵאוּרִיּוֹת בִּשְׂפַת רוּסִיָּה מֵאֵת הַמְחַבֵּר, לְמַעַן אֲשֶׁר יִמְצְאוּ בוֹ תּוֹעֶלֶת רַבָּה מֵבִין עִם תַּלְמִיד. וְאַף כִּי הַהוֹצָאָה הַזֹּאת עָלְתָה בְּדָמִים מְרֻבִּים מְאֹד, עכ״ז קָצַבְנוּ אֶת מְחִיר הַסֵּפֶר רַק 60 קאפ׳, עִם פָּארְטָא 75 קָאפ׳ וְע״י נַאכְנַאהמֶע 85 קָאפ׳. לְסוֹחֲרֵי סְפָרִים וּלְבָתֵּי סֵפֶר רַבָּאט הָגוּן.

אדרעסע: 255

**Книжный магазинъ Братьевъ Блетницкихъ въ Одессѣ.**

---



Оптическо-Хирургической складъ
И. ПИКЪ
Налевки 35 Варшава

ברוכבענדער עלעקטרא-גאלוואנישע מיט גומי פעלאטין, וועלכע האלטען גענצליך איין דעם ברוך אונ דריקען נישט דעם קערפער. ברוך- אונ בויכבענדער פיר פרויען, עלאסטישע גומי-שטרימפפע פיר געשוואלענע פיס, גארסעטען פיר גארבאטע, קינסטליכע פיס אונ הענד, שטוצנע אויגען, ברילען מיט בעלגישע גלעזער פיר קורצע אונ שוואכע ראיה, ווי אויך אללע אפטישע אונ חירורגישע ארטיקעל אין גרויסען אויסוואהל צו זעהר ביליגע פרייזען עמפפעהלט אפטיק

**י. פיק, נאלעווקי 35 ווארשא.**
אלץ ווערד צו געפאסט דורך ספעציאליסטען
234 — 25 12

---

## היימישע מיטטאגען!

צו מעססיגע פרייזען, אויך פערשיעדענע צייטונגען צום לעזען ביי

**אהרן משכיל-לאיתן**

ווארשא, גענשע 13, וואהנונג 7, אין טהויער, 2 שטאק. (192) 50-27

---

**ТОЛЬКО** нѣсколькими рублями можетъ каждый завести постоянный хорошій заработокъ у себя дома. Объясненіе безплатно.
Адресъ: **Я. Найдичъ, Варшава.**

---

## אומזוסט אהן געלד!!

שיקט מען יעדען א ביכעל וועגען שניידען אונ נייהען אלערליי מלבושים. אדרעסע:
Г-жѣ Бертѣ Найдичъ, Варщава.

---

## בוכבינדער־געהילפען

ווערדען געברויכט ביי

**S. BANDET, Buchbinder**
**Krakau,**
Krakauergasse 25 (Oesterreich).

---

בבית־מסחר־ספרים של
**ז. ש. שרעבערק**, ווילנא, סטעפענג.
נמכרים כל מיני ספרים בתנאים נאותים.
Книжн. магаз. З. Ш. Среберка, Вильна. 225 50—15

---

## בית־מסחר ספרים
## ב. צ. שיינפינקעל
### ווארשא זלאטע 63

מוכר, קונה ומחליף כל מיני ספרים בתנאים נאותים למאד. (210) 50 20

---

פריוואט-אנשטאלט פון קינדרבעטורין פון ד״ר **וואוועלבערג**, לעשנא 79, ווארשא נעהמט אן ארעמע קינדרבעטורינם אומזאנסט. פיר פערמעגליכע בעזונדערע צימער פאר צאהלונג. אומזאנסטער אמבולאטאריום פיר פרויען-קראנקהייטען פון 10 ביז 12 פריה. (20—15) 231

---

בבית מסחר הספרים
**י. ראזומאווסקי בבערדיטשוב**
ובהמחלקה שלו **בווארשא, נאלעווקי 34** אצל **א. צייליגנגאלד** נמכרים כל מיני ספרים במקחים נמוכים. (217) 50 18

---

פערלאג „פאלקסבילדונג“.

# ציוניסטישע ביבליאטהעק.

ב.

## די מינסקער ציוניסטישע אסיפה.

פרייז 10 קאפ. מיט פארטא 12 קאפ.

ג.

# דער זעקסטער ציוניסטען קאנגרעס

פרייז 8 קאפ. מיט פארטא 10 ק.

ציוניסטישע אגודות אונ מויס בעקומען ראבאט.

Издат. „Тушія“, Варшава. — Verlag „Tuschijah“, Warschau.

